# הונדערט מעשיות און משלים
## פון חפץ חיים זצ״ל

פון
הרב שמואל גריינימאן זצ״ל



הוצאה שני׳, ניו יורק, תשכ״ו

# אינהאלטס פארצייכענונג

זייט



## קידוש השם



זייט

## שבת



## תורה און מצוות

# איינלייטונג.

די זון לייכט און ווארעמט די גאנצע בריאה. ניט אלע קענען פארטראגען איהר ליכט און היץ אין די זעלבע מאס. יעדער פאסט זיך צו לויט זיין אויפנאהמס־פעהיגקייט.

דער חפץ חיים איז געווען די גרויסע גייסטיגע זון, וואָס איז געשטאנען אין דער הויך, האט בעלויכטען און בעשטראהלט אלעס און אלעמען. ניט יעדער האָט געקענט אויפנעהמען די לייכטענדע און היציגע שטראהלען. מען האָט זיך בעדארפט צופאסען.

ניט אלץ וואָס מיר האבען געהערט פון איהם האבען מיר פארשטאנען. שווער געווען צו דערגרונטעווען זיך צו די טיפענישען פון זיין געדאנקען גאנג. זיין פשטות איז געווען הימעלדיג הויך, און אמאל האָט זיך געדאכט, אז דאָס זיינען גאָר פשוטע איינפאכע ווערטער. יעדער האָט פאר־שטאנען, לויט זיין אויפנאהמספעהיגקייט און צוגרייטונג.

זייט עס איז ארויס פון דרוק דער ספר „חפץ חיים על התורה" מיט אונגעפעהר אכט יאָהר צוריק, האָב איך בעקומען פיעלע בקשות פון די לעזער, ארויסצוגעבען דעם ספר אין אידיש און די לעזער האבען מיט רעכט אָנגעוויזען, אז אגרויסען טהייל פון זיינע ספרים האָט דער חפץ חיים אליין געדרוקט אין אידיש, פאר די ברייטע פאלקסמאסען. אויך פיעלע אויפרופען האָט ער פארעפענטליכט אין אידיש און זיי האבען געבראכט די געהעריגע רעזולטאטען.

עס איז מיר אבער געווען פיזיש אונמעגליך צו איבער־זעצען אזא גרויסע ווערק אין אידיש, און עס זאָל ניט פאר־לארען געהן די זאפטיגקייט פון דעם ארויסגעזאגטען מאמר, אָדער פשט אין דעם פסוק.

אין פארלויף פון דער צייט האָב איך געארבעט אויף א צווייטע פארגרעסערטע אויפלאגע פון דעם ספר חפץ חיים על התורה, וואָס איך האָף אי״ה קירצליך איבערצוגעבען צום דרוק. איבערהויפט נאכדעם ווי די ערשטע אויפלאגע איז שוין ניטאָ אויף דעם ספרים מארק.

איך האָב אבער בעשלאסען פארלויפיג נאכצוקומען טיילווייז דעם פארלאנג פון די פיעלע וואס האבען געבעטען א אידישע אויפלאגע פון דעם פריהערדיגען ספר, און אויפ־געשריבען אין אידיש די דאזיגע קורצע אבער זעהר אינהאלט־רייכע בראשור אין אידיש.

די משלים און מעשיות, וועלכע זיינען גענומען פון לעבען זיינען דאָ געבראכט געווארען אין אפארקירצטע פאָרמע, און ניט שטענדיג איז דער מוסר השכל גענוי ארויסגעבראכט געווארען. עס איז געבליעבען פיעל פאר די לעזער נאכצודיינקען.

די דאָזיגע בראשור איז א אנפאנג פון א סעריע „מעשיות און משלים" פון חפץ חיים. דורכגעדרונגען מיט זייער פאלקסטימליכקייט און אריגינאליטעט, וועלען די לעזער דא ארוסנעהמען דעם געהעריגען מוסר השכל פון ייעדע מעשה אדער משל, וואס דאָס איז געווען דער הייליגער ווילען פון דעם גרויסן רבי און וועגווייזער.

דער זכות פון חפץ חיים זצ״ל זאל ביישטעהן אלע לעזער, און אויך דעם ארויסגעבער.



## 1. א ערליבער קרעמער

אין .זיינע יונגע יאהרען איז דער חפץ חיים געווען אַ קרעמער. זיין פרויא איז געווען די פארקויפערען און ער איז געזעסען און געלערענט. ער האָט אבער אכטונג געגעבען, אז דאס געשעפט זאל זיך פיהרען לויט'ן שולחן ערוך, געבען אַ ריכטיגע וואָג און מאָס, ניט איבערנעמען דעם פרייז און אז די סחורה זאל זיין גוטע.

ווען די פרויא האט איינגעהאנדעלט אַ פעסעלע הערינג, האט זי געמוזט דורכזעהן אלע הערינג אויב זיי זיינען גוטע און ווען עס האט זיך געפונען אַ הערינג מיט אפעהלער, אביסעל אנגעפוילט אדער עפעס אנדערס, האט מען דאס ניט געטארט פארקויפען. אויף די געוויכט האט ער אכטונג געגעבען זיי זאלען זיך ניט אברייבען. און אזוי האט ער אכטונג געגעבען אויף די וואג און מאָס, עס זאל חלילה ניט בלייבען ביי איהם אין קראם אַ פרעמדער גראשען.

און נאך אלעמען האט ער שטענדיג געזארגט, טאמער חלילה איז דאך פארבליעבען ביי איהם וועמענס אַ פרוטה און ער ווייס ניט צו וועמען עס צוריק צוגעבען, האט ער דעריבער אויף די עלטערע יאהרען מנדב געווען אַ בעדייטענדען בעטראג פאר אַ גמילות חסד אין ראדין, וואו ייעדער בעל הבית האט געקענט בעקומען אַ הלואה אהן פראצענט.



## 2. אמונה איז א היים

אין אקליין שטעדטעל איז געווען א מאן, וואס זיין בעשעפטיגונג איז געווען צו פארען אין א דערבייאיגער גרויסער שטאדט און איינקויפען פאר די ארטיגע קרעמער אלערליי סחורות. פיעל מאָל איז איהם אויסגעקומען צו זיין אונטער וועגס גאנצע וואכען, גענעכטיגט אין אכסניות און געגעסען אין רעסטאראנען און איז געווען צופריעדען.

איינמאל קומט ער צום חפץ חיים און בעקלאגט זיך, אזוי ווי זיין פרויא איז איהם געשטארבען און ער איז געבליעבען אהן אהיים, נע ונד, און עס איז איהם שווער און ביטער דאס לעבען.

און חאטש ער איז געווען נע ונד אויך ווען זיין פרויא האט געלעבט, אבער דאן האט ער דאך געהאט אהיים, אבער איצט איז ער אינגאנצען היימלאז אפילו ביי זיך אין זיין אייגענער היים.

דאס זעלבע איז מיט א איד א מאמין, וואס גלויבט אין רבש״ע און זיין תורה, ווען אפילו ער ליידט צרות און פארפאלגונגען, אבער ער געפינט זיין היים אין דער אמונה, אין דעם טיעפען גלויבען, אז די וועלט איז נאר אנ׳אכסניא און ניט קיין אמת׳ע היים. די ייעניגע אבער, וועלכע האבען ניט קיין אמונה, פארשטעהן ניט די בעדייטונג פון זייער ליידען און זיי זיינען אומגליקליך און נע ונד אפילו ביי זיך אין דער היים.



## 3. א גאנצער בטחון

אמאן איז געגאנגען אין וועג און האט געטראגען אויף זיך אזאק מיט תבואה פון הונדערט מיט פינף פונט. אַ בעל עגלה וואס האט איהם אָנגעיאגט האט רחמנות געהאט אויף דעם פוסגעהער און האט אים דערלויבט אוועק צו לייגען דעם זאק מיט די תבואה אויף זיין וואגען. דער מאן האט דאן געעפענט דעם זאק, האט אראפגענומען 5 פונט אין אקליינעם זעקעל און די איבעריגע הונדערט פונט האט ער ארויפגעלייגט אויף דער פוהר פון בעל עגלה.

זאגט צו איהם דער בעל עגלה: ר' איד, עס וואונדערט מיר אויף אייך, וויבאלד איך האב איינגעשטימט צו נעהמען אויף מיין פוהר אייער זעקל, מאכט עס מיר קיין אונטערשייד, אויב עס וועט זיין נאך פינף פונט, לייגט אוועק אויך דעם קליינעם זעקעל, וועט איר קענען געהן פריי אהן קיין משא.

דאס זעלבע איז מיט אבחור וואס פארלאנגט נדן. דאס גאנצע נדן קען איהם זיין גענוג אויף א יאהר, אדער צוויי, און וואס וועט ער טאָן נאכהער, ווען ער וועט אויפעסען דעם נדן, וועט ער דאך מוזען האבען בטחון אז דער רבש"ע וועט איהם שפייזען, איז אויב ער האט בטחון אויף פיעל צעהנדליגע יאהר'ען, פאר וואס זאל ער שוין ניט האבען קיין בטחון אויף נאך אַ יאהר אדער צוויי?

אט דאס זאגט דער פסוק, „השלך על ד' יהבך" ווארף ארויף אויף דעם רבש"ע דיין גאנצען פעקל און לאז פאר זיך גאר ניט איבער.



## 4. ער העלפט דעם לאקאמאטיוו...

מען האָט דערצעהלט דעם חפץ חיים וועגן איינעם אַ ישיבה בחור וועלכער שטעהט אין שדוכים, אָבער עס איז איהם שווער געגאנגען. זיינע חברים האבען איהם געראטען, אז ער זאָל אראָבנעהמען זיין באָרד מיט דעם פוידער, אזוי ווי אנדערע בחורים פלעגען טאָן, דאן וועט ער בעסער געפעלען.

דער חפץ חיים האָט דאַן איינגעלאדען דעם חתן־בחור צו זיך און האָט איהם דערצעהלט פאָלגענדען משל:

אַ לאקאמאטיוו האָט געשלעפט פיעל וואגאנעס מיט משא בארג ארויף, נאטירליך איז דאָס איהם אנגעקומען שווער, דער רויך האָט זיך געריסען פון זיין קוימען, די רעדער האבען געקלאַפּט און האט זיך קוים בעוועגט.

איז דארט געשטאנען אַ „קלוגער", וועלכער האט געוואלט העלפען דעם לאָקאָמאָטיוו אין זיין שווערע ארבעט און האט מיט זיינע הענט געשטופט דעם לעצטען וואגאָן בארג ארויף מיט אלע כחות. די אלע וועלכע האבען דאס צוגעזעהען, האבען געלאכט פון דעם שטופער, עס האט געמאכט דעם איינדרוק, ווי אַ פליג וואלט געוואלט העלפען אַ פאָר פערד שלעפען דעם אקעראייזען אין פעלד.

דאָס זעלבע, האָט דער חפץ חיים פארענדיגט זיין משל, איז מיט שדוכים, חאטש מען רופט דאך אויס 40 טעג פארן געבורט, אז ד ע ר בחור דארף נעמען ד י מיידעל, דאך קומט עס ניט אָהן גרינג, ביז זיי געפינען זיך אויס. היינט איצט קאנט איהר זיך פאָרשטעלען, ווי גרויס עס קען זיין אייער הילף אין דער שווערער ארבעט, ממש אזוי ווי דער משל פון דעם לאקאמאטיוו מיט דעם אונטערשטופער.



## 5. דער נדן איז נאר א משל

בחורים וועלכע האבען געזוכט שדוכים מיט פיעל נדן, האט דער חפץ חיים שטארק אויסגערעדט. ער האט דערצעהלט פון דעם ווילנער שטאדט מגיד, וועלכער האט זיך משדך געווען מיט אַ ווילנער בעל הבית און האט ניט געקענט שאפען דעם געהעריגען נדן. ער האט זיך דאן געווענדעט צו זיין מחותן מיט פאלגענדען עפיזאד פון זיין לעבען אלס מגיד.

ווען איך דארף ערקלערען א שווערען ענין פאר מיינע צוהערער, האט דער מגיד געזאגט, דאן נעם איך א משל פון טעגליכען לעבען און דורך דעם משל פאר־שטעהען שוין מיינע הערער דעם גאנצען ענין. אויב אבער דער ענין איז אַ איינפאכער און פארשטענדליכער, דאן נויטיג איך זיך ניט אין קיין משל און קום גלייך צום ענין.

דאס זעלבע איז מיט שדוכים. ווען מען דארף צו־זאמען בריינגען א בחור מיט א מיידעל, וועלכע זיינען גאר ניט צוגעפאסט אין זייער נאטור און בענעהמונג, דאן מוז מען אנקומען צום נדן אלס א משל, נעהענטער צו מאכען דעם שדוך, דער דאזיגער משל, דער נדן, טהוט שוין די ארבעט צו מאכען נעהענטער דעם חתן צו דער כלה.

אין אונזער פאל אבער, האט דער מגיד געענדיגט, זיינען חתן וכלהביידע איינשטימיג און פאסיג, דער ענין איז גלייך און פארשטענדליך פון אלע זייטען, דאן פיהלט זיך גאר ניט קיין נויטיגקייט אין קיין משל.



## 6. מען טאר ניט האפען...

אין די יונגע יאהרען פון חפץ חיים האט פאסירט, אז א שטאדטישער קצב האט געחאפט א ישיבה מאן און האט איהם צוגעשטעלט צום מיליטער, אויף דעם פלאץ פון זיין זון, וועלכען מען האט גערופען אין דער ארמיי.

דאס שטעדטעל האט געשטורעמט אויף די גרויסע עולה און דער ח"ח האט געזאגט, אז אזא נבלה וועט ניט פארשוויגען ווערען.

פיעל יאהרען זיינען פאריבער, אין שטעדטעל האט אויסגעבראכען א שווערע עפידעמיע און דער זון פון דעם קצב איז געפעהרליך קראנק געווארען און קיין דאקטאר האט איהם ניט געקענט העלפען.

צוליעב די אנשטעקענדיגקייט פון דער שלעכטער קראנקהייט, האט זאגאר די חברה קדישא זיך ענטזאגט צו בעשעפטיגען זיך מיט זיין טהרה נאך זיין שטארבען און דער קצב, דער פאטער פון פארשטארבענעם, האט זיך אליין געמוזט עוסק זיין אין מקבר זיין דעם זון.

ערשט דאן האבען אלע שטעטלדיקע אידן זיך איבער־צייגט אין די ריכטיקייט פון די פאראויסזאָגונגען פון חפץ חיים, אז דאס וועט ניט פארשוויגען ווערען. דער רבש"ע האט צייט צו ווארטען. פון איהם קען זיך קיינער ניט ארויסדרייען.



## 7. מען טאר ניט פייניגען קיין אלמנה

אין א ארעמע הייזעל אין ראדין האט געוואהנט אנ׳אלמנה, וועלכע האט ניט געהאט די מעגליכקייט צו בעצאהלען איהר דירה געלט אין צייט. דער בעל הבית האט איהר געוועלט ארויסזעצען פון איהר דירה, אבער דאס געזעץ האט ניט דערלויבט. דאן איז ער געפאלען אויף א פלאן, ארונטערצונעמען דעם שטרייענעם דאך פון דאס הייזעל, און ווען דער רעגען מיט דעם פראסט וועלען אנקומען, וועט זי מוזען ארויסציהען.

דאס גאנצע שטעדטעל האט געשטורעמט אויף דעם אכזר, ארויסצוווארפען אַ אָרעמע אלמנה אין גאס אין די קאלטע ווינטערדיגע נעכט.

דער חפץ חיים האט זיך דערוואוסט פון דער מעשה נבלה און האט געזאגט, אז אזא זאך וועט ניט פארשוויגען ווערען. אין דער תורה שטעהט, אז ווען אנ׳אלמנה וועט שרייען פאר וואס מען האט איהר געפייניגט וועט דער רבש״ע זיך צו הערען.

ווען עס איז אריבער א שטיקעל צייט און דער מאן איז געבליעבען אונבעשטראפט, האט דער חפץ חיים דאן געזאגט, אז דער רבש״ע האט צייט, פון איהם קען קיינער ניט אנטלויפען. — אין צעהן יאהר ארום האט א משוגע־נער הונט א ביס געטאן דעם ווירט פון דער הויז און ער איז גלייך ניט געווארען.



## 8. געוואונען און פארלארען

א געוועזענער גביר, וועלכער איז געווארען א יורד, קומט אריין צום חפץ חיים בעטען א ברכה אויף פרנסה. אין פארלויף פון געשפרעך האט זיך ארויס געוויזען, אז דער מאן האט געהאט שטענדיג פרנסה בכבוד, אבער עס האט זיך איהם פארגלוסט רייך צו ווערען, האט ער געקויפט א לאטעריי צעטעל און האט געוואונען א גרויסע סומע. מיט די געוואונענע געלט האט ער געעפענט אַ נייעם גרויסען געשעפט אין וועלכען ער איז געווען ניט צופיעל ערפארן, און אין פארלויף פון אייניגע יאהר איז איהם זיין גאנצער פארמעגען פארלארען געגאנגען.

דער חפץ חיים האט א זיפץ געטאן אויף דעם מצב פון דעם אידען, און האט איהם געזאגט, אז ליידער קען ער איהם ניט העלפען. ווייל עס שטעהט געשריבען אין ספרים, אז בעפאר דער מענש ווערט געבארען, ווערט בעשטימט וויפיעל געלט ער זאל פארדינען ייעדע וואך אין זיין לעבען, אויב ער זאל זיין ארעם אדער רייך. און ווי־באלד אז איינער האט געהאט פרנסה בכבוד, טאָ צו וואס ברויכט ער צו מתפלל זיין צו געווינען דעם גרויסען געווינס ? דורך דעם וואס איהר האט געוואונען פיעל געלט מיט אמאל, האט מען אייך אוועקגעגעבען אייער פרנסה פאר פיעל יאהר פאראויס, טא ווי אזוי ווילט איהר, אז איך זאל אייך קענען העלפען ?



## 9. ער פארשטעהט ניט דעם ענטפער

עס קומט אריין א מאן צום חפץ חיים און פארלאנגט פון איהם א ברכה. אזוי ווי ער האט געקויפט א לאטעריי צעטל, וויל ער אז דער חפץ חיים זאל איהם בענטשען, ער זאל געווינען דעם גרויסען געווינס.

דער ענטפער איז געווען, אז ער זאל געהאלפען ווערען, אז ער זאל קענען זיצען און לערנען מיט א רוהיגען קאפ.

דער דאזיגער ענטפער האט אבער ניט צופרידען געשטעלט דעם פרעגער, און דיינקענדיג, אז מסתמא האט דער ח״ח ניט גוט געהערט זיין בקשה, האט ער ווידער־האלט זיין פארלאנג פאר א ברכה צו געווינען דעם גרויסען געווינס.

אבער די תשובה פון ח״ח איז געווען די זעלבע וואס פריהער.

דאן האט זיך דער מאן געווענדעט צום סעקרעטאר פון ח״ח, וועלכער איז געזעסען דערביי און האט פארלאנגט פון איהם, אז ער זאל בעטען די ברכה פון ח״ח פאר איהם, אבער ווי ערשטוינט איז ער געווארען צו הערען פון דעם סעקרעטאר דעם פאלגענדען ענטפער:

ר׳ איד, איהר האט שוין צוויי מאל געפרעגט און איהר האט בעקומען 2 מאל דעם זעלבען ענטפער, וואס נאך פארלאנגט איהר?



## 10. עהרליכקייט בעצאלט זיך

אַ פֿאטער האט אויסגעטהיילט מתנות צו זיינע קינדער. איינער פון די קינדער האט מקנא געווען זיין ברודער. און האט ארויסגעכאפט פון איהם זיין מתנה.

דער ברודער האט אבער ניט געוואלט אריינלאזען זיך אין קריגערייען און האט די זאך פארשוויגען. ער האט אבער דערצעהלט דעם פאטער וועגען די גרויסע עולה וואס זיין ברודער דער חאפער איז בעגאנגען, און האט פארלאנגט פון פאטער, ער זאל איהם געבען עפעס אנדערש.

דעם פאטער איז געפעלען געווארען די האנדלונג פון דעם באַ'עול'טען ברודער, האט איהם אַ קוש געטאן פאר זיין קלוגען בענעהמען זיך און האט איהם געגעבען נאך אַ פיעל גרעסערע מתנה. דאגעגען דעם „חאפער" האט ער מער ניט געגעבען קיינע מתנות.

דער רבש"ע טהיילט אויס יעדען פון זיינע קינדער זייער פרנסה, אז זיי זאלען ניט דארפען חאפען איינער פון צווייטען. ווען איינער דיינקט, אז דורך אריינכאפען יענעמס וועט ער דורך דעם האבען מעהר, מאכט ער אַ גרויסען טעות. פון חאפעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס, דער סוף איז, אז מען גיט אָפּ די געחאפטע נאך מיט פיעל פראצענט, און דעם בע'גזל'טען העלפט דער רבש"ע.

דער רבש"ע האט געענוג צו געבן יעדען זיין פרנסה אויף אַ כשר'ן וועג, דאס איז איינע פון די עקרים פון אונזער אמונה. און אזוי זאגען מיר דריי מאל אטאג אין דאווענען „מכלכל חיים בחסד" ווי אויך אין בענטשען „נותן לחם לכל בשר", און חאפן פון צווייטן איז אַ חסרון אין אמונה.



## 11. אַרעמקייט איז ניט קיין שטראָף

אַ רייכער מאַן האָט געהאַט אַ בן יחיד זעהר אַ קראַנקען. קיין דאָקטאָר האָט איהם ניט געקענט אויסהיילען. ענדליך איז געקומען אַ גרויסער פּראָפעסאָר און האָט איהם געזונט געמאַכט, ער האָט אָבער אָנגעזאָגט זיין פאַטער, אַז ער זאָל אַכטונג געבען, אַז זיין זון זאָל קיין מאָל ניט אריינעהמען אין זיין מויל קיין פעטע פליש.

איין מאָל האָט דער פאַטער געמוזט אוועקפאָרען געשעפטליך, האָט ער אָנגעזאָגט דער מוטער, זי זאָל אַכטונג געבען אויף זייער זון, אַזוי ווי דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעזאָגט.

ווען די מוטער האָט זיך געזעצט עסען, איז דער בחור צוגעלאָפען צום טיש, אַרויסגעכאַפּט אַ גרויסע שטיק פליש פון טעלער און איז אַרויסגעלאָפען. ווען דער פאָטער איז געקומען פון וועג, און האָט געטראָפען זיין בן יחיד אין אַ געפערליכען צושטאַנד, איז ער גלייך געלאָפען צום פּראָפעסאָר, ער זאָל רחמנות האָבען און ראַטעווען זיין זון, ער וועט שוין מעהר ניט פאַרלאָזען זיין היים אפילו צוליעב דרינגענדע געשעפט׳ס אַנגעלעגענהייטען.

מיט גרויס מיה איז דעם פּראָפעסאָר געלונגען אָבצו־ראַטעווען דעם בן יחיד. און ווען דער פאַטער האָט געמאַכט שפּעטער אַ סעודה ביי אַ געלעגענהייט פון אַ שמחה, האָט ער זיין בן יחיד אַרויסגעשיקט פון עס צימער. די אַנוועזענדע געסט האָבען זיך געוואונדערט אויף די ניט פאַרשטענדליכע אופפיהרונג פון דעם פאַטער דער „אכזר״, וועלכער האָט ניט גענומען אין אַכט דעם וואונש פון זיין בן יחיד צולאָזען

איהם זיצען מיט די געסט ביי דער סעודה. נאָר דער פאטער אליין האָט געוואוסט די אורזאכע.

דאס זעלבע איז מיט די הנהגה פון דער וועלט. עס פאסירט אז דער פאטער פון הימעל טרייבט ארויס דוקא זיין בן יחיד — אגרויסען צדיק — פון עס צימער, און דאס איז צוליעב די טובה פון דעם בן יחיד, און חאטש די זייטיגע מענשען פארשטעהן עס ניט, אבער מיר גלויבען באמונה שלמה, אז דאס ארעמקייט איז פאר די טובה פון די צדיקים, און מיר דארפען ניט האבען קיין טענות.



אמאל האט דער חפץ חיים געפרעגט איינעם ווי אזוי עס געהט איהם אין פרנסה ? — עס וואָלט ניט געשאדט אביסעל בעסער — האט יענער געענטפערט.

דאַן פרעגט איהם דער חפץ חיים : פון וואנען ווייסט איהר, אז עס וואָלט ניט געשאדט ? דער רבש״ע ווייס בעסער, ער וויל געבען בעסער און ער קען געבען בעסער, און וויבאלד אז ער גיט ניט בעסער, איז געוויס אזוי גוט.



## 12. מען דארף וויסן וואס צו בעטן

אַ קייסער פון אַ מדינה האט געמאכט אַ בעזוך אין דער ארמיי. זיין געהילף האט בעקאנט געמאכט, אז ייעדער וואס האט עפעס אַ פארלאנג, זאל זיך מעלדען.

קומט צו א איינפאכער סאָלדאט און ווענדעט זיך צום קייסער מיט אַ בקשה: היות ווי איך בין אַ געטרייער סאלדאט פארלאנג איך דעריבער, אז מען זאל מיר געבען ייעדען טאג מיין פאָרציאן צום עסען.

האבען אלע סאלדאטען וועלכע זיינען געווען דערביי זיך צולאכט פון די נארישע בקשה. שוטה! האבען זיי איהם אָנגערופען, דו ביסט דאך א סאָלדאט, וועסטו דאך דיין עסען ממילא בעקומען! אלע סאלדאטען ווערען אויסגעהאלטען פון דער מלוכה קאסע!

אזוי זיינען מיר אלע. אין אונזערע תפלות שטעלען מיר זיך אב בעזונדערס אויף פרנסה, און מיר פארגעסען גאר, אז דאס קומט אונז ממילא, ייעדער פאטער שפייזט זיינע קינדער. דער שליסעל פון פרנסה געפינט זיך אין די הענט פון רבש״ע אליין, מען האט זיי ניט אנגעטרויט די מלאכים. דאס וואס מיר דארפען ייע בעטען אין אונזערע תפלות, איז אז דער כבוד פון רבש״ע זאל פארשפרייט ווערען אויף דער וועלט.



## 13. אומזיסט שטראפט מען ניט

פאהרענדיג פון ראדין צום באהן דערצעהלט דעם חפץ חיים דער בעל עגלה, ווי אזוי זיין אייגענער פערד איז געפאלען, און אז די שטעדטעלשע אידען האָבען צוזאמענ־געגומען נדבות און געקויפט פאר איהם אָט דאס נייע פערדל. און דער בעל עגלה פארענדיגט זיין דערצעהלונג מיט אַ פראגע, פאר וואס קומט עס איהם אזוי געשטראפט צו ווערען?

ענטפערט איהם דער חפץ חיים מיט דעם בעקאנטען פסוק „צדיק ד׳ בכל דרכיו״. דער רבש״ע איז אלע מאל גערעכט. אמאל מאכט זיך, אז אַ בעל עגלה מאכט אפ מיט דעם פאסאזשיר אַ פרייז, און אין מיטען וועג איז ער זיך מיישב און פארלאנגט מעהר. און אמאל פאסירט, אז מען חאפט אַ ביסעל היי אדער שטריי פאר די פערד פון אַ פרעמד פעלד, קען טאקע זיין, אז פאר די זאכען שטראפט מען פון הימעל.

דא האט דער בעל עגלה איבערגעשלאגען דעם חפץ חיים אין מיטען מיט אנ׳אנדער פראגע: פאר וואס האט מען ביים רבי צוגע׳גנב׳ט פאראיאָהרען ווינטער דעם ווינטערדיגען פוטער, אויפן וואקזאל אין ווילנע?

האט דער חפץ חיים טיעף אַ קרעכץ געטאן און איהם געענטפערט. דיינקט איהר, אז איך בין אַ צדיק? איך האב אויך מיינע עברות. איך פארקויף דאך ספרים, אמאל פאסירט, אז עס פעהלט אַ בלאט אין אַ ספר, אמאל האָט דער איינבינדער פארטוישט א בלאט אין א ספר, און דער קונה שעמט זיך מיר צו שרייבען וועגען דעם, אבער ווייבאלד אז איך בין דער פארקויפער פון די ספרים, בין איך אויך אזוי ווי איהר געשטראפט געווארען...

## 14. די ליעבע צו ארץ ישראל

ווען דער חפץ חיים האט מיט זיבעציג יאהר צוריק געגומען א איידעם הרב ר׳ אהרן הכהן ז״ל, האט ער זיך מתחייב געווען צו געבען איהם קעסט איינינע יאהר, ווי דער מנהג איז געווען דאן, ער האט אבער אויסגערעט בפירוש, אז אויב ער, דער חפץ חיים, וועט בעשטימען צו פארען אין ארץ ישראל, קען איהם דער איידעם ניט שטערען.

אויך ווען ער האט גענומען די צווייטע פרויא, די טאכטער פון דעם לאפער רב, האט ער מיט איהר אבגערעט אז אויב ער וועט בעשליסען צו געהן אין ארץ ישראל דארף זי אויך מיטגעהן, און ווען ער האט זיך שוין געגרייט צו פארען אין ארץ ישראל אין יאהר תרפ״ז, איז זיין פרויא פלוצלונג קראנק געווארען און ער האט געמוזט אבלייגען די נסיעה, און אזוי ארום איז געשעהען, אז ער האט שוין שפעטער ניט געקענט פארען, און איז נסתלק געווארען אין ראדין מיט זיבען יאהר שפעטער אין די וואך פון ערב ראש השנה תרצ״ג.

ער האט אמאל געזאגט, וועגען די וואס רעדען שלעכטס אין ארץ ישראל אויף ארץ ישראל, אז דאס איז פונקט אזוי, ווי מען געהט ארייןביים קייסער אין פאלאץ און מען זידעלט איהם, ווען איינער רעדט שלעכטס אויף דעם קייסער אפילו אין א צווייטע שטאדט איז אויך א גרויסע עברה, אבער פיעל גרעסער איז די עברה, ווען מען קומט אריין צו איהם אין פאלאץ און מען רעדט אויף איהם שלעכטס.

## 15. נאר גאנץ ארץ ישראל

אין ווינטער פון יאהר תרע״ח האט מען דערצעהלט דעם חפץ חיים וועגען די באלפור דעקלעראציע, וועלכע זאגט צו אידן אַ היים אין אַ קליינעם טייל פון ארץ ישראל און דאס האט ארויסגערופען אַ גרויסע שמחה ביי אידן. האט דער חפץ חיים געזאגט, אז ניט נאר מען דארף זיך ניט פרעהען, נאר מען דארף גאר וויינען. מיר האבען אַ הבטחה פון דעם רבש״ע אליין: „ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה״ אז גאנץ ארץ ישראל וועט בעלאנגען צו אונז, און דא פרעהט מען זיך מיט א פאפירענע דעקלעראציע, אויף א טהייל פון ארץ ישראל. הייסט עס אז מיר גלויבען ניט חלילה אין די הבטחה פון הקב״ה.

מען בענוגענט זיך מיט אביסעל.

און ווען מען האט איהם דערצעהלט, אז א שרייבער אין א צייטונג האט פאראויס געזאגט, אז ארץ ישראל וועט ווערען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה אזוי ווי בולגאריע, האט זיך דער ח״ח פאנאנדערגעוויינט. „אויף דעם האבען מיר געווארט 18 הונדערט יאהר? פארגאסען טייכען בלוט, דורכגעטראגען אזויפיעל גזרות, דורות לאנג מתפלל געווען מען זאל אונז ארויסנעמען פון גלות, און דא בענוגענען מיר זיך מיט א מלוכה׳לע אזוי ווי בולגאריע; מיר האבען אינגאנצען פארגעסען די הבטחות פון אונזערע נביאים וועגען דעם גרויסען ליכטיגען עתיד פון אונזער פאלק באחרית הימים״.

## 16. דער יצר הרע און זיין שטאב

אין דער הויפט שטאדט פון דער מדינה זיצט דער קייסער אליין, די אנדערע גרויסע שטעדט ווערען אנגעפיהרט פון זיינע הויכע בעאַמטע, גאר די קליינע ערטער ווערען פארוואלטעט דורך שטאדטישע נידעריגערע בעאמטע.

אזוי איז אויך מיט דעם יצר הרע. ער אליין זיצט און פיהרט אן מיט זיין ארבעט אין דעם גרעסטען צענטער פון דער וועלט, אין ארץ ישראל.

דאגעגען אין די גלות לענדער, טהוט ער זיין ארבעט דורך זיינע שלוחים. וואס גרעסער די שטאדט, אלס א העכערען שליח שיקט ער אהין.

לוט האט זיך געבעטען, מען זאל איהם לאזען אנטלויפען אין דער קליין שטעדטעלע צוער, ווייל וואס די שטעדטעל איז קלענער, זיינען איהרע עברות קלענערע, און דארט איז דער שטן ניט אזוי מקטרג.

עס איז פיעל לייכטער צו זיין א איד אין אקליין שטעדטעלע, וואו דעם יצר הרע פארטרעט א נידעריגער בעאַמטער, איידער אין אַ גרויסע שטאדט, וואוהין ער שיקט זיינע מעהר פעהיגע שלוחים. און נאך פיעל שווערער איז צו זיין אין דער הויפטשטאדט, וואו ער אליין זיצט שטענדיג.



## 17. ווען דער טאטע זיצט ביים טיש...

אייניגע יאהר פאר זיין הסתלקות האט זיך דער חפץ חיים געגרייט צו פארען אין ארץ ישראל. אלע ראשי ישיבות אין ליטע האבען אבגעהאלטען דאן א קאנפערענץ און האבען בעשלאסען צו ווענדען זיך צום חפץ חיים מיט אַ בקשה צו ענדערען זיין בעשלוס און ניט צו פארלאזען זיי אליין.

זיי האבען מאטיווירט זייער פארלאנג, דערמיט, וואס דער חפץ חיים איז געווען דער גרינדער פון דעם ועד הישיבות, וואס איז געווארען דער פינאנציעלער אינסטרומענט פון אלע ישיבות אין ליטע. און ווען דער חפץ חיים וועט פארלאזען ליטע, קען דער גאנצער בנין זיך פאנאנדערפאלען.

דער חפץ חיים האט זיך אבער געהאלטען ביי זיין באַשלוס, און האט עס בעגרינדעט דערמיט, וואס איצט אויף די עלטערע יאהרען קען ער שוין ניט זיין מעהר אקטיוו, און ער דיינקט, אז זיין אבפארען וועט ניט ברייגגען חלילה קיין שאדען צו די ישיבות.

דערויף האט איהם געענטפערט דער גרויסער גאון ר' חיים עוזר זצ״ל, אז בלויז די אנוועזענהייט פון חפץ חיים נאענט צו די ישיבות, נישט אפהענגיג אין זיין פאזיטיווע טעטיגקייט, איז שוין אויך מאסגעבענד, און ער האט צו־געגעבען אַ משל, אז ווען דער טאטע זיצט ביים טיש, דאן בענעהמען זיך אלע קינדער מיט דעם געהעריגען דרך ארץ.

## 18. אהן תורה איז מען ניט קיין איד

דער חפץ חיים האט זיך שטארק געזארגט וועגן די לינקע גרופירונגען אין ארץ ישראל. ער האט שטענדיג געפרעגט: איז דאס מעגליך, אז די שכינה קען רוהען אויף אזעלכע ארבעט? מען האט איהם געוויזען אנ׳ארטיקעל פון א מאדערנעם שרייבער, אז מען קען זיין א גוטער איד אויך אָהן צו היטען די תורה. דאן האט דער חפץ חיים באלד פארעפענטליכט א גרויסען מאמר, אין וועלכען ער האט אויפגעוויזען, אז דאס עקזיסטענץ פון אידישען פאלק הייננגט אָב נאר אין דעם קיום פון תורה און מצוות און ניט אין א מדינה, אדער א שפראך. אהן די תורה וועלען אונז דאס לאנד און די שפראך ניט העלפען.

אונזערע עלטערען זיינען געזעסען אין ארץ ישראל און מען האט זיי פון דארט פארטריבען, און אזוי שטעהט אין תנ״ך יחזקאל, אז צוליעב זייערע עברות האט מען זיי פארטריבען (יחזקאל ל״ט). די מענשען מאכען א גרויסען פעהלער ווען זיי דיינקען, אז תורה און מצוות האבען ניט קיין שייכות מיט ארץ ישראל, גראדע ארץ ישראל איז אונז געגעבען געווארען, צוליעב דעם אז מיר זאלען קענען בעסער אבהיטען די תורה ומצוות, אזוי שטעהט אין תהלים, ויתן להם ארצות גוים וגו׳ בעבור ישמרו חקיו ותורותיו ינצורו. דעריבער האט מען אונז געגעבען דאס לאנד ארץ ישראל, כדי מיר זאלן היטען די דינים און געזעצען פון דער תורה. ארץ ישראל איז א קייזערליכער פאלאץ און דארטען דארף מען זיך אויפפיהרען גאר אנשטענדיג, ווען ניט איז חלילה די סכנה גרויס.

## 19. ווארטן מיט געדולד

מען האט אמאל אנגעזאגט אין דער ארמיי, אז דער קייסער אליין וועט היינט קומען צום בעזוכען דאס מיליטער. אלע סאלדאטען מיט די גענעראלען אין דער שפיץ האבען זיך אויסגעשטעלט אין א סדר, יעדער מיט זיין אמוניציע און האבען געווארט אויף דעם קייסער.

לאנגע שעה'ן זיינען אלע געשטאנען אויף די פיס און געווארט, ביז איינער פון די גענעראלען האט זיך געהייסען ברייגען אַ שטוהל און האט זיך אַ ווילע צוגעזעצט און איינגעדרעמעלט.

פלוצלונג האט זיך בעוויזען דער קייסער מיט זיין סוויטע, אלע גענעראלען מיט די סאלדאטען האבען אבגעגעבען דעם געהעריגען סאליוט, און ווען דער איי'נגעדרעמעלטער גענעראל האט זיך ענדליך אויפגעחאפט און געוואלט אַבגעבען דעם כבוד צום קייסער, האט איהם דער קייסער בעפעהלען צו בלייבען זיצען און האט איהם ארונטער געזעצט פון זיין אמט.

„אויב דו האסט ניט געהאט קיין געדולד נאך אייניגע מינוטען צו בלייבען שטעהן און ווארטען צוזאמען מיט אלעמען ביזטו ניט קיין געטרייער סאלדאט", האט דער קייסער געזאגט צום גענעראל. די איינפאכע סאלדאטען וואס בעקומען אַ קליינעם געהאלט, האבען געווארט, און דו וואס דיין געהאלט איז פיעלפאך גרעסער האסט ניט געהאט דאס ביסעל געדולד אויסצוווארטען.

דאס זעלבע איז אויך מיט אונז, מיר זאגען אלע „כי מחכים אנחנו לך", מיר ווארטען אויף די גאולה שלמה, מיר ווארטען אויף משיח צדקנו. און מיט איין מאל ווערען מיר פארמאטערט און מיר ווילען זיך צוזעצען.

מען דארף האבען געדולד ביים ווארטען. צוליעב אייניגע מינוטען האט דער גענעראל פארלארען זיין אמט.



## 20. דרייסיג טויזענד אידן ווארטען

ווען די בריסקער קהלה האט בעשלאסען אויפצונעמען אלס רב דעם בעוואוסטען גאון ר׳ יוסף בער סאלאווייציק זצ״ל, האבען זיי געשיקט א דעלעגאציע פון נכבדים אין ווארשא, וואו דער גאון איז דאן געזעסען, איבערצוגעבען איהם דעם כתב רבנות. אבער דער גאון האט צוריקגעוויזען און האט ניט געוואלט אננעהמען די רבנות אין בריסק.

ווען די דעלעגאציע איז צוריק געקומען, האט די קהלה באשלאסען צו שיקען נאך אמאל אנדערע וויכטיגערע דעלעגאטען. און אין פאל, אז ער וועט אויך איצט צוריקווייזען דעם אָנבאָט, דאן זאלן די דעלעגאטען איהם זאגען, אז „דרייסיג טויזענד אידען זיצען און ווארטען אויף איהם״.

און די ענדע איז געווען, אז ווי נאר דער גאון האט דער־הערט אט די ווערטער, אז 30 טויזענד אידען ווארטען, האט ער גלייך אנגעטאן דעם אויבערמאנטעל, און געענטפערט אז ער פארט מיט די דעלעגאציע קיין בריסק.

איצט קען מען פארשטעהען, אויב אז דער גאון ר׳ יוסף בער האט ניט געקענט צוריקווייזען דעם פארלאנג פון 30 טויזענד אידען, וועלכע האבען אויף איהם געווארט, דאן וואלט משיח געוויס זיך ניט געלאזען ווארטען, ווען ער וואלט געוואוסט, אז דער כלל ישראל ווארט אויף איהם.

די צרה איז וואס מען ווארט ניט ווי געהעריג איז. איינע פון די יסודות פון אמונה איז: „אחכה לו בכל יום שיבוא״.



## 21. „געוואלד, וואו קריכען זיי״!

ווען דער גאון ר׳ אלחנן וואסערמאן זצ״ל איז צוריק געקומען פון דער צווייטער כנסי׳ גדולה, האט ער דערצעהלט דעם חפץ חיים וועגען די ענינים וואס זיינען דאָרטען בעהאנדעלט געווארען. ער האָט איהם אויך דערצעהלט וועגען דעם פלאן וואס עס איז דאָרט פארגעשלאָגען געווארען, צו גרינדען אַ „מועצת גדולי התורה״, וועלכע זאָל האבען צו זאגען איין אלע אידישע אנגעלעגענהייטען. געוועזן אזעלכע, וועלכע האבען פארגעשלאגען, אז די דאזיגע קערפערשאפט זאָל בעשטעהן פון דריי און צוואנציג מיטגלידער, אזוי ווי עס איז אמאל געווען די סנהדרין קטנה. און אנדערע האבען געדיינקט, אז די מועצה זאל בעשטעהן פון איין און זיבעציג רבנים, אזויפיל וויפיל די סנהדרין גדולה. געווען גאָר אזעלכע וועלכע האבען פארגעשלאגען 120 מיטגלידער, אזוי ווי די כנסת הגדולה.

ווען דער חפץ חיים האָט דאס דערהערט, האט ער אויסגעשריען: „געוואלד, וואו קריכען זיי? וואס איז דאס פאר אַ אנמעסטען זיך?״.

אויך דער גרויסער גאון ר׳ מאיר שמחה הכהן זצ״ל פון דווינסק, איז דאן ארויס מיט אַ שארפען בריוו אין דער עפענטליכקייט, אז מען זאל ניט נאכמאכען די צאהל פון די סנהדרין, אדער די אנשי כנסת הגדולה. ווייל דאס קען פארפיהרען די עפענטליכקייט, און מען וועט מיינען, אז די דאָזיגע מועצה וועט האָבען די זעלבע אויטאריטעט ווי די סנהדרין אדער ווי די אנשי כנסת הגדולה.



## 22. דערציהונג פון יונגען דור

אויף דעם געביעט פון חנוך האט דער חפץ חיים געארבעט זיין גאנצען לעבען. נאך פון זיין פריהסטער יוגענד האט ער שוין געארבעט פאר די גרינדונג פון חדרים און פרומע שוהלעס פאר אידישע קינדער. צעהנדליגע ארטיקלען און מאמרים האט ער פארעפענטליכט און גערופען די עלטערען צו געבען זייערע קינדער אַ עכטע ניט געפעלשטע אידישע תורה דערציהונג. ער איז ארויס אין קאמפף מיט די מאדערנע ריכטונגען אין חינוך, מיט די לינקע גרופירונגען, וועלכע האבען זיך פארנומען מיט ביבל קריטיק און האבען דערצויגען דעם יונגען דור אהן אמונה אין בורא עולם.

דער חפץ חיים האט זיך ניט בענוגענט בלויז מיט קריטיק, נאָר ער האט געשאפען אויף דעם געביעט פאזיטיוועס. געגרינדעט חדרים איבעראל, געשאפען מיטלען פאר זייער אויסהאלטונג, אויפגערופען גרויסע רבנים פארזאמלונגען, געווארענט געגען דער גרויסער סכנה פון מאדערנעם חנוך, וועלכע ער האט אנגערופען „עבודה זרה". זיין בראשור „חומת הדת" האט געמאכט אַ גרויסען איינדרוק. דארט האט ער אויפגעפאדערט אלע ערליכע אידען צו גרינדען חדרים און אנשטעלן פרומע לעהרער. אין די ערטער וואו עס זיינען ניטאָ קיין פרומע לעהרער, זאלען די רבנים אליין ווערען מלמדים און לערנען מיט אידישע קינדער תורה. משה רבינו איז אויך געווען אַ מלמד, אזוי שטעהט אין חומש, „ואותי צוה ד' ללמד אתכם". און דער רבש"ע אליין איז אויך „מלמד תורה לעמו ישראל".

## 23. אז מען גיסט הייסע אין קאלטע

אונזער מוטער שרה האט פארלאנגט פון אברהם'ן ארויסצוטרייבן ישמעאל'ן פון איהר הויז, ער זאל זיך ניט חבר'ן מיט איהר זון יצחק.

און חאטש מען האט געקענט דיינקען, אז ווען דער ווילדער ישמעאל וועט זיך חבר'ן מיט דעם איידעלען יצחק, וועט עס ווירקען, אז ער, ישמעאל, וועט זיך אבלערנען פון די שעהנע מדות פון יצחק'ן, האט אבער אונזער מוטער שרה מורא געהאט, אז עס זאל ניט פאסירען דאס אומגעקערטע, נעמליך, אז ישמעאל'ס אויפפיהרונג וועט ווירקען צום שלעכטען אויף יצחק.

ווײַלע „וועז מען גיסט הייסע אין קאלטע, קילט זיך אב די הייסע".

און דער סוף איז געווען, אז דער אייבערשטער האט איינגעשטימט מיט שרה'ן און האט בעפוילען צו אברהם'ן „גרש את האמה הזאת ואת בנה", ארויסצוטרייבן ישמעאל'ן פון יצחק'ן, ווײַלע מען דארף שטענדיג האבען אין זינען, אז ביז דער גוטער וועט אויסבעסערען דעם שלעכטען, זאל דער גוטער אליין דערווײַלע ניט בעווירקט ווערען פון די מעשים פון זיין חבר, ווײַלע עס איז פיל לייכטער צו געהן אַרונטער, איידער אויפהייבען זיך און ייענעם צו דער הויך.



## 24. אַ „שניידערשער״ חומש

זייענדיג אין ווילנע, האט דער חפץ חיים געזעהען אין אַ פלאץ אַ פארקירצטען חומש, וואס איינער אַ שרייבער האט פארפאסט פאר די מאדערנע חדרים. ער האט דורכגעבלעטערט איינינע קאפיטלעך און האט דערזעהען, אז די אלע פסוקים און פרשיות וואס רעדען וועגען אמונה און בטחון האט דער מחבר ארויסגעווארפען, מיט א כוונה, אויסצורייסען די אמונה פון די הערצער פון די תלמידים.

ער האט גלייך אַרונטערגעווארפען דעם ביכעל אונטערן טיש און האט פארעפענטליכט אַ גרויסען ארטיקעל אין די צייטונגען און אויך אבגעדרוקט אַ קול קורא אין אידיש, וואו ער האט אנגערופען דעם ביכעל „אַ שניידערשער חומש״, ווייל דער מחבר האט מיט אַ שניידערשער שער צושניטען און ארויסגעריסען פון אונזער אלטען חומש אלע מעשיות וואס האבען צו טאן מיט נסים און השגחה, אזוי ווי די מעשה פון דער עקדה, יציאת מצרים, שפאלטען דעם ים, די מעשה מיט דעם מן אין דער מדבר און אזוי ווייטער.

צום סוף פון דעם קול קורא פאַדערט אויף דער חפץ חיים אלע אידען, ניט צושיקען זייערע קינדער לערנען אין אזעלכע שוהלעס, וואו עס ווערען געלערענט די ביכלעך. דער פאטער מיינט, אז ער האט אוועקגעגעבען זיין אינגעל צו לערנען תורה, און אין דער ווירקליכקייט ווערט ער דערצויגען אלס אַ אפיקורס אהן אַ פונק פון אמונה און בטחון.



## 25. א ברכה העלפט ניט

אנ׳אלטער מאן האט געבראכט זיין איניקעל אין ראדין און געבעטען דעם חפץ חיים, ער זאל איהם בענטשען, אז ער זאל זיין אַ עהרליכער איד, אַ ירא שמים.

דער חפץ חיים האט דעם אלטען זיידען אנגעקוקט מיט נייגעריקייט און אויסגערופען:

וואס? פון אַ ברכה ווילט איהר, אז ער זאל ווערען אַ ירא שמים? האַרעווען דארף מען אויף דעם!

ביי אַנ׳אנדער געלעגענהייט האט ער געענטפערט אמאן וואס איז געקומען בעטען ביי איהם אַ ברכה, פאלגענדען ענטפער:

„איין הינקעדיגער בעט אַ צווייטען הינקעדיגען, ער זאל געהן פאר איהם אין שליחות! מען געהט אליין און מען בעט ביים טאטען וואס מען בעדארף״.

ער פלעגט פיעל מאל זיך אבהאלטען פון צו געבען ברכות אין אלגעמיין. די תורה — פלעגט ער זאגען — איז פול מיט ברכות, נאך וואס געהט איהר צו מיר נאך א ברכה, געהט דירעקט צו דער תורה, זייט מקיים איהרע מצוות, העלפט אויסהאלטען די וואס לערנען די תורה, וועט די תורה אליין געבען איהרע ברכות. די ברכות פון דער תורה, — פלעגט ער צוגעבען — וועלען געוויס מקויים ווערען, ווייל זיי זיינען געגעבען געווארען פון דעם רבש״ע אליין.



## 26. א ענטפער פון א קלוגן רב

דער חפץ חיים פלעגט דערצעהלען, אז מען האָט אמאל פארלאנגט פון א גרויסען רב אין אַ שטאדט, ער זאל בעשטראפען דעם איינבינדער פון ספרים, פאר וואס ער האָט איינגעבונדען צוזאמען אַ חומש מיט אביכעל פון אַ געוויסען שרייבער.

און דער רב האט דערויף געענטפערט:

פארוואס פארלאנגט איהר ניט צו בעשטראפען די ייעניגע, וועלכע לערנען פון אט די דאזיגע ביכלעך, און בינדען דערמיט איין די דינים פון די תורה מיט די פוסטע מעשיות פון די שרייבער ניט אין קיין בוך, נאר אין זייערע קעפ, אין זייער מוח און מחשבה.

מען קען זיך געבען אַ עצה מיט איין איינגעבונדענעם בוך, מען קען איהם פונאנדערנעהמען און איבערבינדען פון דאס ניי, אבער עס איז ניט פאראן קיין עצה צו דעם וואס האט עס איינגעבונדען צוזאמען אין זיין קאפ.

צעהנדליגע מאמרים און ארטיקלען אין די צייטונגען האט דער ח"ח פארעפענטליכט אויף צו אבציהען די יוגענט פון צו לייענען די דעמאָראַליזירענדע ליטעראַטור, אדער די אפיקורסישע ביכלעך פון די מאדערנע שרייבער.

ווי אַ גרויסער דערציהער, האט ער פאראויס געזעהען די גרויסע סכנה וואס עס ליגט אין דעם, און האט געווארענט די עלטערען ניט צו געבען זייערע קינדער אין די מאדערנע שוהלעס, וואו עס ווערט ניט געלערענט קיין תורת משה דורך ערליכע מלמדים.



## 27. נאר מעשיות פון דער תורה

עס האט אמאל אַ מלמד געפרעגט דעם חפץ חיים, אויב ער זאל לערנען מיט זיינע תלמידים דערצעהלונגען פון פרומע לעהרן ביכער, כדי צו פארשטארקען די אמונה און בטחון אין די הערצער פון די תלמידים.

און דער ענטפער איז געווען אַ נעגאטיווער. ווייל אלץ וואס עס איז נויטיג צו פארשטארקען די אמונה און בטחון איז פאראן אין די דערצעהלונגען פון דער תורה און די נביאים. די געשיכטע פון בריאת העולם, פון די הייליגע אבות. די מעשה מיט יציאת מצרים און שפאלטען דעם ים, דער נס פון דעם מן אין דער מדבר, די געשעהענישען פון סדום און עמורה און די מעשה פון קרח און די אלע מלחמות און פאסירונגען וואס זיינען פארשריעבען געווארען אין תנ"ך, דאס אלעס איז אַ גענוגענדער מאטעריאל צו איינפלאנצען און פארשטארקען אמונה און בטחון אין דעם רבונו של עולם.

ווען עס וואלט נויטיג געווען צו בעשרייבען מעהרערע פאסירונגען, וואלטן די תורה און די נביאים געווים פארשריעבען לדורות אין די הייליגע ספרים (כתבי הקודש) און וויבאלד אז מען האט מער ניט פארשריבען, איז אַ בעווייז אז דאס פארשריבענע איז גענוג.

דער ייעניגער וואס פיהלט, אז די אמונה ווערט ביי איהם אבגעשוואכט זאל לערנען די דערצעהלונגען פון דעם ספר בראשית.



## 28. אַ שכור האָט אויס געטראַטען די וועג

פאַראַן מענשען וואָס נעהמען אָן אידעאַלען, בלויז צוליעב דעם וואָס אַנדערע פון זייערע בעקאַנטע האַלטען זיך אין זיי.

אַ דאָרפישער פויער איז אַמאָל געפאָהרען אין אווינטער נאַכט, און ווען עס איז איהם געוואָרען גוט קאַלט, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין אַ הויז אויפן מיטען וועג.

ער האָט זיך דערוואָרעמט מיט אַ היבש ביסעל משקה ביז ער האָט איינגעדרעמעלט. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען נאַכט האָט ער אויסגעפונען, אַז אַ געדיכטער שניי האָט בעדעקט אַלע וועגען, אַזוי אַז ער האָט ניט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג צו פאָהרען. זייענדיג אַהיבש ביסעל שכור, האָט ער ניט געוועלט וואַרטען ביז עס וועט ווערען טאָג, נאָר ער האָט איינגעשפּאַנט דעם פערד אין שליטען, אַז דער פערד אַליין זאָל אויסגעפינען דעם ריכטיגען וועג.

ווען די אַנדערע דאָרפישע מענשען זיינען שפּעטער נאָכ־געפאָהרען אויף דער אויסגעטראָטענער וועג, האָבען זיי גע־דיינקט, אַז דאָס איז די ריכטיגע וועג וואָס פיהרט אין שטאָדט, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך גאָר ניט געקענט דיינקען, אַז אָט די אויסגעפאָרענע וועג האָט געמאַכט אַ שכור׳ער פויער מיט זיין פערדעל אין די פינסטערניש פון דער נאַכט.

ערשט ווען עס איז געוואָרען גוט ליכטיג, האָבען זיי אַלע דערזעהן, אַז זיי האָבען ביז איצט געבלאָנדזעט אויף פרעמדע וועגען.

דאָס זעלבע וועלען זאָגען די ייעניגע, וועלכע זיינען פאַרפיהרט געוואָרען פון פרעמדע אידעאַלען, „שקר נחלו־ עס איז ביי זיי אַ ירושה, וואָס זייערע עלטערען האָבען זיי איבערגעגעבען די פאַלשע וועגען, אָבער זיי זיינען „הבל ואין בם מועיל״. פאַלש און פאַרפיהרעריש זיינען געווען די דאָזיגע וועגען.



## 29. מאכט אליין די בעט פאר אנ׳אורח

די מצוה פון הכנסת אורחים האט דער חפץ חיים אליין מקיים געווען מיט בעזונדערער אבגעהיטענקייט. ער פלעגט אליין ברייגנגען דאס בעטצייג און מאכען די בעט פאר דעם אורח.

איינער פון די אורחים האט ניט געקענט צוזעהען, ווי אזוי דער אלטער חפץ חיים טראגט אליין די קישען מיט די קאָלדרע פאר איהם און האט איהם געבעטען, ער זאָל איהם לאזען, און ער, דער אורח, וועט שוין אליין מאכען זיין בעט.

דער חפץ חיים האט אבער ניט איינגעשטימט. „פיליכט וואלט איהר געוואלט מיר העלפען אויך ווען איך טהו אן דעם טלית אדער איך לייג די תפילין ?״.

די מצוה פון הכנסת אורחים בעלאנגט צו מיר און ניט צום אורח, האט דער חפץ חיים געגעבען צו פארשטעהן זיין גאסט.

געווען אמאל גרויסע מענטשען, וועלכע זיינען געפארען צו גרעסערע פון זיי, זיך אבלערנען אַ דין אדער אַ מנהג. די וועלט האט געברויכט פארען אין ראדין בלויז צו אויסלערנען זיך די מדה פון הכנסת אורחים אליין, צו פארשטעהן די געפיהלען פון א מענשען אין דער פרעמד און צו מאכען איהם פאר־געסען זיין עלענד, אז ער זאל זיך פיהלען אזוי ווי אין דער היים.



## 30. אַ אײנפאַכע מצבה

פאַראַן מענשען וואָס פאַרשווענדען שווערע געלט אויף צו שטעלען אַ מצבה פאַר זייערע עלטערען. מען בעשטעלט שווערע מאַרמאָר שטיינער, מען בעפוצט זיי מיט בלומען און שעהנע שניצונגען און זיי דיינקען אַז זיי שטעלען דערמיט צופריעדען דעם וואונש פון זייערע עלטערען.

ווען איינער זעהט ווי אַזוי זיין פאָטער אָדער מוטער טרינקען זיך, אָדער אַ פייער האָט אויסגעבראָכען אין זייער הויז, טהוט ער דאָך אַלעס מעגליכע זיי צו ראַטעווען. דאָס זעלבע איז אויך איצט, ווען די עלטערען דאַרפען האָבען אַזוי פיעל זכות׳ן געראַטעוועט צו ווערען פון גיהנום, דאַרף דאָך דער זון אָדער טאָכטער זעהען איינצוקויפען וואָס מעהר מצות פון צדקה און מעשים טובים, און אין דעם זכות פון די קינדער, וועלען די עלטערען אַרויסגעראַטעוועט ווערען פון דעם שווערן דין פון גיהנום.

דעריבער דאַרפען די קינדער פאַרשטעהן, אַז די עלטערען פאַרלאַנגען צו שטעלען פאַר זיי אַ איינפאַכע מצבה און פאַר די מעהרערע געלט אויסהאַלטען תלמידי חכמים, שטיצען ישיבות און טאָן צדקה און מעשים טובים. דאָס וועט זיין דער גרעסטער נחת רוח פאַר די נשמה פון דעם נפטר.



## 31. העלפען דעם געדריקטען

א מענש וואס האט מעהר וויפיעל ער דארף פאר זיך, דארף זיך טהיילען מיט דעם וואס האט גאר ניט.

פאראן מדינות וואס זייערע ערד גיעט ארויס מעהר וויפיעל די באפעלקערונג קען פארברויכען, האלטען זיי זיך גרויס דערמיט און זיי אינטערעסירען זיך ניט מיט ייענע לענדער, וועלכע בעקומען זייער וועהניג פון זייער ערד.

און זיי פארגעסען, אז פאר דער עבירה האט זיך די שטאדט סדום איבעגעקערט. אזוי שטעהט אין תנ"ך אין דעם נביא יחזקאל קאפיטעל ט"ז, „גאון שבעת לחם", זי האט זיך געהאלטען גרויס, ווייל זי איז געווען זאַט מיט ברויט, איז זי געזעסען רוהיג און האט זיך ניט אינטערעסירט צו העלפען דעם געדריקטען און אָרעמען.

זיין ספר „אהבת חסד" איז די אבשפיגלונג פון די דאזיגע שעהנע מדות. צו העלפען ייעדען איינעם אין וואָס ער נויטיגט זיך. די וועלט וואלט פארוואנדעלט געווארען אין אַ אמת'ן גן עדן, ווען ייעדער איינער וואלט געלערענט און פראקטיצירט די לערנונגען און אנווייזונגען פון דעם מאנומענטאלען ריזיגען ספר, פון וועלכען עס שפרודעלט גוטהארציגקייט, ליעבע און פערשטענדעניש פאר די נויטען פון יעדען איינעם, קליין און גרויס, ארעם און רייך.



## 32. גוטסקייט בעצאלט זיך

ווען מען האט בערך מיט פערציג יאהר צוריק געבויט דעם גרויסען בנין פון דער ראדינער ישיבה, האט איינער אַ גביר געוועלט געבען דאס גאנצע געלט, וואס איז געווען נויטיג אויפצושטעלען דעם בנין, אבער דער חפץ חיים האט ניט געוועלט נעהמען דאס גאנצע געלט פון איין נדבן. ווייל ער האט געוועלט, אז מעהרערע אידען זאלען האבען אַ חלק אין אזא בנין.

דער גביר האט אבער בעקומען די פריווילעגיע אויפצושטעלען פאר זיין געלט איין וואנט פון דעם בנין. און אויף דער דאזיגער וואנט איז געווען אויסגעקריצט דער נאמען פון דעם נדבן.

ווען דער נדבן איז אין די מלחמה יאהרען נפטר געווארען, איז זיין גאנצער פארמעגען קאנפעסקירט געווארען און זיין אלמנה איז געבליעבען עלענד און ארעם. ווען דער חפץ חיים האט זיך פון דעם דערוואוסט, האט ער געשיקט נאָך איהר, האט איהר געדונגען אַ וואהנונג און ייעדען מאנאט האט ער איהר געגעבען אויף איהר הוצאה.

פאר דאס ביסעל געלט וואס דער נדבן האט מנדב געווען צו דעם ישיבה בנין, האט זיך זיין אלמנה ערנעהרט אין די שפעטערדיגע יאהרען.



## 33. מען דארף אויך העלפען דעם צווייטען

פון אַ דערבייאיגע שטעדטעל זיינען געקומען איינינע בעלי בתים אין ראדין און האבען פארלאנגט, אז אַ ישיבה בחור וואס קען זאגען אַ דרשה זאל פאהרען צו זיי אין שטעדטעל אויף ראש השנה און זיי וועלען דעם בחור בעפרידיגען פאר זיין טרחה.

זיי האבען אויסגעפונען אזא דרשן, אבער יענער האט זיך אנטזאגט צו געהן צו זיי, ווייל ער האט געוואלט בעסער דאווענען ראש השנה אין ישיבה, וואו דער חפץ חיים דאווענט.

די בעלי בתים פון שטעדטעל האבען זיך דאן געווענדעט צום חפץ חיים אליין, ער זאל משפיע זיין אויף זיין תלמיד, אז ער זאל מיט זיי מיטפאהרען.

דער תלמיד האט אבער געוואלט אבזאגען אויך דעם רבי. מאטיווירענדיג זיין אבזאג, אז ער וויל בעסער זיין אין ישיבה, וואו דער רבי דאווענט.

דערויף האט איהם דער חפץ חיים געענטפערט : מען דארף געדיינקען, אז דער מענש איז ניט בעשאפען געווארען, נאר צוליעב צופריעדען שטעלען זיך אליין, מען דארף אויך העלפען דעם צווייטען...

נאך די דאזיגע קורצע ווערטער פון חפץ חיים, איז שוין דער בחור מיטגעפאהרען האלטען זיין דרשה אין דעם דערבייאיגען שטעדטעל.



## 34. די חסרונות פון בעקוועמליבקייטען

אַ ניו־יארקער נדבן האט מנדב געווען פאר די ישיבה אין ראדין אַ דינאמא מאשין אויף צו פראדוצירען עלעקטרישע ליכט פאר די ישיבה און אויך פאר די שטעדטעל. האט זיך אמאל געמאכט, אז די דינאמע איז געווען ניט אין ארדנונג און עס איז מיט איין מאל געווארען פינסטער אין דער ישיבה און אין גאנץ שטעדטעל.

דאן האט דער חפץ חיים געזאגט, אז חאטש עלעקטרי האט דאך גרויסע מעלות, איז אבער דער חסרון אויך ניט קיין קליינער, ווארום אמאליגע יאהרען ווען אין ייעדעס הויז האט געברענט אקעראסין לאמפ מיט אקנייטעל און אַ גלאז פון אייבען, האט טאקע געקענט פאסירען, אז עס האט געפלאצט די גלאז, אדער דער קנייטעל איז געווארען צו קורץ, האט זיך פארלאשען דער לאמפ נאָר אין איין הויז, אבער אין אלע הייזער איז געווען ליכטיג. אבער איצט, אז די זעלבע דראטען ברייגען ארייך דאס ליכט אין אלע הייזער, איז ווי נאר עס ווערט עפעס קאליע אין די מאשין אדער אין די דראטען, ווערט מיט איין מאל פינסטער אין אלע הייזער און אין גאנצען שטעדטעל.

דאס זעלבע איז אויך אין רוחניות'דיקן זין.

אמאָליגע יאהרען פלעגן די תורה אנשטאלטען און גויטבעדערפטיגע בעקומען זייער שטיצע דירעקט פון דעם נדבן. אויסער די געלט שטיצע פלעגט דער געדריקטער בעקומען אויך אַ טרייסט ווארט פון דעם נדבן. עס האט אפט געטראגען דעם כאראקטער ווי איין ברודער שטיצט זיין צווייטען ברידער. אין לייט די חז״ל איז די בעדייטונג פון טרייסט ווערטער, גרעסער ווי די געלט שטיצע.

אין די לעצטע יאהרען, אבער, זיינען געגרינדעט געוואָ־רען אין פיעל שטעדט פעדעריישאנס, וואו ייעדער דארף אריינ־שיקען זיין בעטראג פאר אלערליי צדקה זאכען. דער נדבן זעט ניט קיין ארעמאן פאר די אויגען, די פיהרער פון אנשטאלטען קומען ניט צו איהם אין הויז. מיט זיין ייעהרליכען בעטראג ווערט דער נדבן איזאלירט פון אלעמען. די פיהרער פון די פעדעריישאן גיבען שוין, אנשטאט די נדיבים, וועמען זיי ווילען, און אפטמאָל ווערט זייער געלט אויך געגעבען צו אזעלכע אנשטאלטען, פון וועלכע די געבער זיינען גאר ווייט ניט צופריעדען. און עס קומט אויס, אז אלע מענשען אין שטעדטעל האבען ניט מקיים געווען די מצוה פון צדקה.

אבער אזוי האט געוועלט דער יצר הרע זיך גרינגער מאכען, איינשפאָרען זיך ארבעט ניט צו דארפען אָפריידען מענשען פון געבען צדקה ייעדען טאג און אמאל אויך עטליכע מאל אין איין טאג. דא האט ער נאר צו ארבעטען מיט דעם מאַן בלויז איין מאל אין יאהר... און פאר די בעאַמטע פון די מעהרסטע פעדעריישאָנס בעשטימט ער שוין אזעלכע לייט וועלכע זאלן ניט העלפען די וויכטיגסטע אידישע אנשטאלטן און די ריכטיגע צדקה זאל ניט אָנקומען אויפן ריכטיגען פלאץ.



## 35. דער מגיד און די „קערה"

דער חפץ חיים פלעגט דערצעהלען פאלגענדען משל:

אין א שטעדטעל האט אַ בעוואוסטער מגיד געזאגט אַ דרשה אין בית המדרש און האט אויפגעשטורעמט דעם עולם מיט זיינע פייערדיגע רייד און גערופען זיי צו טאן תשובה.

נאך דער דרשה האט מען אוועקגעשטעלט אַ גרויסע פושקע, אַ „קערה" הייסט עס, אז די אלע פארזאמעלטע זאלען אריינווארפען אַ נדבה פאר דעם מגיד.

אלע האבען זיך געוואונדערט, ווי אזוי איז עס מעגליך, אז אזא צדיק זאל גאר פארלאנגען געלט פאר זיין דרשה?

און דער מגיד האט זיי געענטפערט:

איהר האט פילייכט אמאל געזעהען אַ קונצען מאכער, ווי אזוי ער געהט מיט די פיס איבער אַ שטריק וואס איז אנגעצויגען איבער א וואסער, און ער מוז היטען די גלייכגעוויכט, ער זאל חלילה זיך ניט איבערבויגען אויף אזייט, ווייל דאן קען ער ארונטערפאלען, און זיין לעבען היינגט אויף א האָר.

ווען ער געהט אויף דער שטריק, טראכט ער נאר ווי אזוי איינצוהאלטען דאס גלייכגעוויכט, ער טאר גאר ניט קלערען וועגען בעקומען בעצאלט. בלויז ווען ער ענדיגט זיין מלאכה און איז דורך געגאנגען מיט הצלחה, דאן פארלאנגט ער מיט רעכט מען זאל איהם געבען פאר זיין פרנסה.

אזוי איז אויך מיט מיר — האט דער מגיד פארענדיגט — ווען איך האב געהאלטען מיין דרשה פאר אייך, האב איך אפילו ניט געהאט אין געדאנק צו בעטען ביי אייך געלט, איך האב נאר געוואלט אז איהר זאלט ווערען גוט און פרום. ווי אבער איך האב געענדיגט מיין דרשה, מעג איך דאך מיט רעכט פארלאנגען פון אייך צו העלפען מיר, כדי איך זאל קענען אנהאלטען מיין ארבעט אין אנדערע שטעדט.



## 36. ער פארטיידיגט די גבירים

מען האט זיך באקלאגט פארן חפץ חיים אויף די גבירים, וואס גיעבען ניט גענוג קיין צדקה לויט זייער מעגליכקייט.

איך בין אמאל געגאנגען אין ווילנע — האט דער חפץ חיים געענטפערט — און האב געזעהען, ווי ביי אַ זייט פון אַ גאס ליעגט א מאן אַשכור און קינדער שטעהען ארום איהם און לאכען.

געהט פארביי אַ מאן און בויגט זיך איין און רעדט צום שכור: ר׳ איד, קוקט זיך איין וואו איהר ליגט דא, זעהט וויפיעל קינדער עס שטעהן דא ארום אייך. ווען איך וואלט זיך אזויפיעל אנגע׳שכור׳ט, וואלט איך זיך געהיט חאטש ניט אוועק צולייגען זיך אין מיטען גאס, אז אלע זאלען מיר זען אין אזא צושטאנד.

דאס זעלבע איז מיט די וועלכע זאגן יענעם מוסר ניט פארשטעהענדיג ריכטיג ווי דאס וואלט אויסגעזען ווען זיי זיינען אין דעם מצב.

עס זיינען פאראן פיעל מענשען, וועלכע בעשולדיגען די רייכע, אז זיי גיעבען ניט גענוג קיין צדקה, און אנדערע זאגען דערביי, אז ווען זיי וואלטען געווען אזוי רייך ווי ייענער, וואלטען זיי געגעבען מיט אַ אפענע האנט, און זיי פארגעסען דערביי, אז דאס אלץ זאגען זיי, ווען זיי זיינען ארעם און דאס הארץ איז גוט, אבער ווי נאר זיי זאלען ווערען רייך, וועט זיך דאס רעדעל איבער דרעהען און די האנט וועט זיך צומאכען.

רייכקייט איז עהנליך צו שכרות, האט דער חפץ חיים פארענדיגט.

## 37. ער ענטפערט בעפאר מען פרעגט

זייענדיג אין וויען צו דער ערשטער כנסיה גדולה, קומט אריין אמאָן אין דער אכסניא פון חפץ חיים און פארלאנגט פון בעל הבית, ער זאָל איהם ערלויבען צו פרעגען אנ׳עצה ביים חפץ חיים.

דער ח״ח האָט דאַן געהאלטען אין מיטען עסען, האָט זיך דער אורח דערווייל געזעצט ביים טיש און געוואַרט.

אין צווישן האָט דער ח״ח געזאָגט דעם קאפיטעל פון תהלים, „ד׳ רועי לא אחסר״, ווי עס איז געווען שטענדיג זיין מנהג ביים עסען. ענדיגענדיג דעם קאַפּיטעל מיט דעם פסוק, „אך טוב וחסד ירדפוני״ ווענדעט זיך דער ח״ח דירעקט צו דעם אורח, און דערקלערט איהם די בעדייטונג פון די לעצטע ווערטער, אַז אמאָל פאסירט אין אַ מענשענס לעבען, אז ווען ער טהוט „טוב וחסד״ און דאַך האָט ער פון זיי רדיפות, ער ליידט צרות אין שטוב, ער האָט היזק אין זיין געשעפט און עס קומט איהם אויס, אז ער דאַרף אויפהערן צו טאָן טוב וחסד.

דאַן זאָגט איהם דוד המלך, ניין מיין קינד, דארפסט ניט אויפהערען צו טאָן טוב וחסד, אפילו ווען דיר דאכט זיך אז עס קומט דיר אויס צו ליידען פון דעם. אך טוב וחסד ירדפוני. אויב אז דער טוב מיט דעם חסד רודפ׳ן מיר — זאָגט דוד המלך — פארלאנג איך אז שטענדיג זאָל אזוי זיין.

דער אורח, וועלכער האט דעם ערשטען מאל אין זיין לעבען געזעהען דעם חפץ חיים, האָט זיך גלייך נאכדעם

אויפגעהייבען און געוואָלט פארלאָזען דאס הויז. דער בעל הבית אָבער האט זיך שטארק געוואונדערט, פאר וואס ער וויל אוועקגעהן, נאָך בעפאָר ער האט געפרעגט אנ׳עצה ביים חפץ חיים. ער איז דאך אייגענטליך צוליעב דעם געקומען.

אבער דער אורח האָט געענטפערט דעם בעל הבית, אז ער האָט שוין בעקומען זיין ענטפער זיצענדיג ביים טיש, נאך בעפאָר ער האָט צייט געהאט צו פרעגען.

און אָט וואס עס האט זיך ארויס געוויזען.

דער דאָזיגער אורח פיהרט אָן אין זיין שטאָדט מיט אַ תלמוד תורה און אגמילות חסד. ער איז בעשעפטיגט דערביי דעם גרעסטען טהייל פון טאָג און זיין פרויא טענה׳ט, אז ער פארנאכלעסיגט זיין געשעפט, האָט זי פארלאנגט, אז ער זאָל איבערגעבען די אנפיהרונג פון דער תלמוד תורה מיט דעם גמילות חסד צו אנדערע לייטע. דער מאַן ווידער בעשטעהט אנצוהאלטען די דאזיגע ארבעט. איז ביי דעם פאר פאלק געבליעבען צו אנפרעגען ביים חפץ חיים.

און וויבאַלד, אז ער האָט געהערט זיצענדיג ביים טיש, ווי דער חפץ חיים האָט געזאָגט, אז מען דארף ניט אויפהערען טאָן טוב וחסד, אפילו ווען עס קומט אויס צו ליידען פון דעם, האט דער אורח פארשטאנען, אז דאס מיינט ער איהם. און ער האָט שוין ניט געהאט מעהר וואס צו פרעגען.



## 38. דער זארגער פאר'ן כלל

ניט נאר פאר זיין שטעדטעל און זיין ישיבה האט דער חפץ חיים געזארגט, נאר ער איז אויך געשטאנען אלס בעשיצער און פארזארגער פאר'ן גאנצען כלל ישראל. ווען ער האט געזעהען, אז די פרויען האבען אָנגעהויבען פאר־נאכלעסיגען דעם ענין פון טבילה, און אין פיעל שטעדטלעך איז ניט געווען קיין ריכטיגע מקוה, האט ער אבגעדרוקט אַ בראשור אין אידיש, ספעציעל פאר פרויען, וואו ער האט דערקלערט די וויכטיגקייט פון טהרת המשפחה, וואס עס איז די פליכט פון דער אידישער פרויא, צו האבען כשר'ע קינדער. די דאזיגע בראשור האט ער אבגעדרוקט אין פיעל טויזענדער עקזאמפלארען, צושיקט אין אלע שטעדט און שטעדטלאך, אנצוקלעפען אין די שוהלען און בתי מדרשים. ער האט אויך פארעפענטליכט אַ בעזונדער מאמר אין די אידישע פרעסע, און אפעלירט צו אלע רבנים צו מאכען כשר'ע מקואות און צו אגיטירען וועגען דעם וויכטיגען ענין פון טהרת בנות ישראל.

דאס זעלבע האט ער אויך געטאן אין בעצוג צו דער דערציהונג פון דעם יונגען דור. שטענדיג איז ער געשטאנען, ווי אַ געטרייער היטער פון אונזער גייסטיגען פארמעגען, אז דער יונגער דור זאל געהן אין די וועגען פון דער תורה. עס איז ניט געווען קיין איין געביעט אין אידישען לעבען, וואו דער ח"ח האט ניט געזאגט זיין וואגיקען ווארט, וועלכער איז שטענדיג געווען בעגלייט פון פראקטישע מעשים. אזוי איז געווען מיט שמירת שבת, מיט מאכל כשר און אלע אַנדערע ענינים.



## 39. זארג פאר דעם עלענדען

פאר די אָרעמע לייט וואס פלעגען דורכפארען דורך ראדין, איז דער חפץ חיים געווען ממש אזוי ווי אַ פאטער. ארום האלבע נאכט פלעגט ער באזוכען די בתי מדרשים, וואו די ארעמע דורכגעהער האבען געשלאפען אויף די הארטע ביינק און האט זיך בעמיהט אויסצוגעפינען, אויב זיי האבען געגעסען, אויב זיי האבען זיך גענייטיגט אין אַ קישעלע אדער אַ קאלדרע אין די קאלטע ווינטערדיגע נעכט.

אַ יונגער בחור׳ל פון אַ יאהר 15 איז אנגעקומען צו פוס פון ווילנע אין ראדין צו לערנען אין דער ישיבה. אנגעקומען איז ער גאר שפעט אין אָוונט און איז איינ־געשלאפען אויף אַ באנק אין דעם גרויסען בית מדרש. ווען דער הונגער האט דעם בחור׳ל אויפגעוועקט ארום 4 אזייגער פארטאג, האט ער צו זיין גרויסען וואונדער דער־זעהן שטעהענדיג ביי זיין „בעט" דעם אלטיטשקען חפץ חיים, מיט אַ פאָר שטיקלעך חלה אין איין האנט און אַ גלאז מילך אין דער צווייטער. אויף אַ טיש דערביי איז געווען אנגעגרייט אַ פלאש וואסער מיט אַ האנטוך. ווי נאר דער „אורח" האט געעפענט די אויגען, האט איהם דער חפץ חיים געזאגט ער זאל זיך וואשען נעגעל וואסער און זאל גלייך עפעס עסען. נאכהער האט ער איהם געבראכט אַ קאלדרע מיט אַ קישען ער זאל קענען שלאפען נאך אַ פאָר שעה און אויסרוהען זיך פון זיין, לאנגען וועג.

## 40. זארג פאר אידישע סאלדאטען

דער חפץ חיים איז געווען זעהר טהעטיג אין בעזארגען אידישע סאלדאטען מיט כשר'ע עסען. ער פלעגט ארום פאהרען אין פיעלע שטעדט צו ארגאניזירען קאמי־טעטען אויף צו בעזארגען די סאלדאטען זאלען קענען עסען כשר. ער האט אויסגעווירקט ביי די מיליטער בעאמטע, אז זיי זאלען אריינלאזען כשר'ע עסען אין די קאזארמעס. ער האט ארגאניזירט אַ ספעציעלע קאמיטע וועלכער האט געטראגען דעם נאמען „קעסעל כשר" און ענדליך האט ער אָבגעדרוקט אַ ספעציעלע בראשור אונטערן נאמען „דבר בעתו", וואו ער האט דערקלערט די גרויסע וויכטיגקייט פון העלפען די הילפסלאזע אידישע קינדער, זיי זאלען קענען עסען כשר'ע עסענס. ער האט אויך אַפעלירט צו די עלטערען פון די סאלדאטען, אז זיי זאלען אנווענדען אלע מיטלען צו העלפען זייערע קינדער דורכמאכען די צייט פון זייער דינען אין דער ארמיי אויפ'ן אידישען וועג, אז זיי זאלען דאָרט אין די קאזארמעס זיך ניט אבלערנען פון זייערע ניט אידישע חברים.

ער האט אויך אבגעדרוקט אַ בעזונדער ספר „מחנה ישראל", דינים און אנווייזונגען פאר דעם אידישען סאָלדאט, ווי זיך אויפצופיהרען אין אלע צייטען און אומשטענדען. דער דאזיגער ספר, וועלכער איז אויך געדרוקט אין אידיש איז געווען דער וועגווייזער פאר דעם אידישען סאלדאט, ווי אזוי צו בלייבען אַ גאנצער איד אפילו אונטער זיינע שווערע אומשטענדען.



## 41. אונזיכבערע און זיכערע פארמעגענס

מען האט דערצעהלט דעם חפץ חיים וועגען איינעם אַ גרויסער גביר אין פוילען, וואס האט אויפגעבויט אַ ווינטער־דיגען פוטער פאר זיין כלה מיידעל, אין די ווערטה פון 10 טויזענד רובל און די קנעפלעך זיינען געווען גרויסע דימענטענע שטיינער.

דער חפץ חיים האט אַ שטארקען קרעכץ געטאן. שוטים, וואס זיי זיינען, וואס פאר אַ הנאה האבען זיי פון זייער רייכטהום? ווען איך נעה אויף אַ בגד דארף איך איהם ניט היטען, מען זאָל איהם ניט גנב'ענען, אָדער טאמער וועט זיך אויסרייסען אַ קנעפעל. אבער זיי, די גבירים, מוזען דאך ארייגלייגען זייער גאנצע קאפ אין זייער בגד, מען זאל איהם חלילה ניט צונעהמען, אדער אַ קנעפעל זאל זיך ניט אויסרייסען. מען ווערט פארקויפט פאר אַ קנעכט צו דעם בגד, וואס פאר אַ פארגעניגען איז דאס?

די גייסטיגע ווערטהען, וואס אַ מענש שאפט זיך איין, נויטיגען זיך ניט אין בעזונדערע שמירה, דאגעגען די מאטעריעלע פארמעגענס פארלאנגען גאר אַ שטארקע שמירה, די געלט אין די בענק ווערען געהיט פון פאליציי מיט געוועהר, פונקט ווי די גרעסטע פארברעכער.

גליקליך איז דעריבער דער מענש, וואס פארווענדעט זיינע יאהרען אין איינשאפען זיך אַזעלכע פארמעגענס, וועלכע היטען זיך אליין.

און ריכטיג האט זיך אויסגעדריקט אַ חכם פון אַמאָליגע דורות, אז דער גרעסטער פארמעגן איז ניט דער וואס ליגט אונטער אַ שמירה, נאָר דער וואָס דער מענש קען שטענדיק נעמען מיט זיך.

## 42. א צופרידענער אָרימאַן און א אונדאַנקבאַרער גביר

אַ רייכער מאַן האט געקויפט אַ הויז פאר טויזענד רובל, און עס איז איהם צוגעשיקט געוואָרען אַ קונה, וועלכער האט בעצאָהלט פאר דאס הויז צוויי טויזענט, האט ער דאָך דאַכט זיך בעדאַרפט דאַנקען דעם רבש״ע פאר דעם גרויסען חסד.

מאַכט זיך אָבער אַ מעשה, אַז אין אַפּאָר טאג אַרום, נאָכדעם ווי ער האט שוין דאס הויז פאַרקויפט פאר צוויי טויזענט רובל, קומט אַ סוחר, וועלכער וויל איהם בעצאָהלען גאַנצע דריי טויזענט רובל.

איצט איז שוין דער פריהערדיגער אייגענטימער פון דאס הויז רעכט אין כעס אויף דעם רבש״ע, פאר וואס „ער" האט פאַרקויפט דאס הויז פאר 2 טויזענט און האט ממש פאַרלאָרען טויזענט רובל פון קעשענע.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט דעם אָרעמאַן. אַ טרעגער פון זעק, איז געשטאַנען אין מאַרק און געוואַרט אויף צו קענען פאַרדינען 5 קאָפּיקעס, פאר צוטראָגען איינעם אַ זעקעל מעהל אַ היים. דעם ערשטען האַלבען טאג האט זיך איהם גאָר נישט געמאַכט, ערשט אַרום פאַרנאַכט, ווען ער איז שוין געווען אויסגעווייקט פון רעגען, האט זיך איהם געמאַכט צו פאַרדינען אַפּאָר פּרוטות און ער איז אַוועק פרעהליך אַהיים צו קויפען וואס צום עסען פאר דאס ווייב און קינדער.

און ווען ער איז נאָכהער ווידער אַוועק אין גאַס און האט געחאַפּט נאָך אַפּאַרדינסטעל, וואס איז געווען גענוג אויף צו קויפען עפּעס צום ברויט, האט ער שוין גאָר ניט

געוואוסט, וויפיל צו דאנקען דעם רבש״ע פאר דעם גרויסען חסד וואס ער האט מיט איהם געטאן.

דער אָרעמאַן ווייזט שטענדיק ארויס מעהר דאנקבאר־קייט און אַנערקענונג פאר זיין מאגערן ברויט, ווי דער גביר ווייזט ארויס פאר זיין עשירות, ווייל דער גביר דיינקט אפטמאל אז זיין חכמה האט איהם געבראכט זיין רייכטום, אין דער צייט ווען מען זעהט פיעל אָרימע לייט וועלכע זיינען פיעל קליגער פאר די גבירים.

דער אמת איז אבער, אז אלע זיינען אין די הענט פון דעם רבש״ע און קיין חכמה גילט דאָ ניט.

ביי אַ אנדער געלעגענהייט האט דער חפץ חיים געזאגט, אז דער רבש״ע איז אַ גרויסער בעל הוצאה אויף דעם גביר, ער שטעלט איהם צו אַ שעהנע וואהנונג מיט בעדינונג, גוטע מאהלצייטען און טייערע קליידער און בעקומט גאר וועהניג אנערקענונג פאר דעם. דאגעגען אויף דעם אָרעמאַן איז דער רבש״ע גאר אַ קליינער בעל הוצאה, און ער האט פון איהם פיעל מעהר הנאה ווי פון דעם גביר.

רייכקייט און אָרעמקייט,ביידע זיינען נסיונות. דעם רייכען מאן גיט מען דאס רייכטהום, אויסצוגעפינען אויב ער וועט זיך אויפפיהרען ווי געהעריג, אויב ער וועט פארשטעהן, אז ניט זיין חכמה האט עס איהם געבראכט דאס רייכטהום, און אויב ער וועט פארשטעהן, אז ער דארף זיך טהיילען מיט דעם אָרעמאַן. אָרעמקייט ווידער איז אויך אַ גרויסער נסיון. מען וויל זעהן, אויב ער וועט אָנגעהמען באהבה, און וועט ניט האבען קיין טענות צום רבש״ע. ווייזט אויס, אז דער אָרעמער מאן האלט אויס בעסער דעם עקזאמען...

## 43. ניטא קיין שטענדיגע זיכערקייט

אויף דעם גרעניץ צווישען רוסלאנד און דייטשלאנד האט געוואהנט זעהר אַ רייכער מאן, ער האט געהאט אַ גרויסע וואסער מיהל, אַ ביער ברויערייי און צו דעם אלעס פלעגט נאך אויף פיהרען געלט טראנזאקציעס.

דער גרויסער גאון ר׳ אלי׳ שיק (לידער) ז״ל, האט אַמאל ביי דעם גביר איבערגענעכטיגט. אין אַ געשפרעך מיט איהם, האט זיך דער גביר אויסגעשפראכען, אז ער נויטיגט זיך ניט אין קיין אמונה און בטחון, ווײלע זיין רייכקייט איז אזוי גרויס, אז ער איז שוין פארזארגט אויף זיין גאנצען לעבען צוזאמען מיט זיינע קינדער און אייניקלאך...

ווי דער גאון האט דאס דערהערט, האט ער גלייך געזאגט צו דעם איד, ער זאל תיכף תשובה טאן אויף זיינע אַפיקורסישע רייד, אבער ייענער האט זיך אויס געלאכט.

עס זיינען אריבער אייניגע יאהר און דער גאון ר׳ אלי׳ האט בעזוכט דעם „הכנסת אורחים״ אין זיין שטאדט, ער האט דארטען דערזעהן עפעס אַ נייעם אָרעמאן, וועלכער איז איהם אויסגעקומען בעקאנט. ער האָט זיך גלייך דערמאַנט, אז דאָס איז טאקע ייענער גביר, ביי וועמען ער האט אמאל גענעכטיגט און פארלאנגט פון איהם ער זאל תשובה טאן.

אבער ווי אזוי קומט אט דער גביר צו נעכטיגען אין הכנסת אורחים מיט אלע אָרעמע לייט?

דער דאזיגער גאון איז אריין אין אַ געשפרעך מיט דעם נייעם אורח, און דאָ האט דער אַמאָליגער גביר אויס־געגאָסען זיין הארץ פאר דעם גאון.

ווען עס האט זיך אנגעפאנגען די מלחמה צווישען רוסלאנד און דייטשלאנד זיינען ארום לעבן זיין מיהל פארביי־

געגאנגען פיעל מיליטערישע אבטיילונגען. דער רוסישער גענעראל וועלכער איז געפארען רייטענדיג אויף זיין פערד איז אריינגעפאלען אין דעם וואסער וואס האט געטריבען זיין מיהל. ווייזט אויס, אז אין דעם בריק האט זיך צעבראכען אַ ברעט און דער גענעראל האט ניט בעמערקט. דערווייל אבער האט מען גלייך אנגעהייבען זוכען דעם מילנער, ווען דאס מיליטער האט חושד געווען אין שפיאָנאזש, און אז ער האט עס פאראורזאכט די קאַטאסטראָפע מיט אַ כונה צו שעדיגען דאס רוסישע מיליטער.

ער, דער מילנער, האט דערהערט דעם טומעל מיט דעם גענעראל, האט ער זיך גלייך אויסבעהאלטען. און אין מיטען דערנאכט האט ער זיך אין דער שטיל ארויסגערוקט פון שטעדטעל, און איז אנגעקומען אהער צו נעכטיגען אין הכנסת אורחים, ווילע ער האט ניט בעוויזען מיט צונעהמען קיין געלט און קיין זאכען. ער האט נאך מורא, אז מען זאל דארט ניט ארעסטירען זיין פרויא מיט די קינדער.

דער סוף איז טאקע אזוי געווען, אז מען האט קאָנפעסקירט זיין גאנץ פארמעגען און ער איז ארויס קוים מיט זיין לעבען.

ביים ענדע פון דעם געשפרעך האט ער דערקענט דעם גאון ר׳ אלי׳, און ער האט זיך דערמאנט אין זייער געשפרעך מיט יאהרען צוריק ביים גביר אין הויז. ערשט איצט האט זיך דער גביר איבערצייגט אין זיין אַמאָליגע נארישקייט, אז „ער איז שוין פארזארגט אויף זיין גאנצען לעבען, צוזאמען מיט זיינע קינדער און אייניקלאך״.

פון דער דאזיגער מעשה, וואס דער חפץ חיים פלעגט דערצעהלען, קען ייעדער ארויסלערנען, אז עס איז ניטא קיין זיכערקייט אויף שטענדיג.

## 44. פאר יסורים צאהלט מען א הויבען פרייז

אמאן האט געדונגען אדירה פון אַ פריץ פאר דריי הונדערט רובל א יאהר, דירה געלט. ער האט געצאלט זיין רענט אין צייט און איז געזעסען רוהיג.

איינמאל איז דער פריץ אוועק געפאהרען און האט בעשטימט איינעם פון זיינע אנגעשטעלטע אכטונג צו געבען אויף דאס הויז און איינצומאהנען דאס דירה געלט.

דער דאזיגער אנגעשטעלטער אין געווען אַ שלעכטער מענש. צוערשט האט ער געהעכערט די דירה געלט ביז 500 רובל. און ווען דער מאַן האָט איהם איינמאַל געבראַכט דאָס געלט און עס האט איהם צוגעפעלט 20 רובל, האט ער בעפעהלען צו געבען איהם 20 שמיץ פאר דעם. דאס זעלבע האט ער אויך געטאן צו אלע אנדערע, וועלכע האבען איהם געברויכט צו ברייגען זייער געלט.

ווען דער פריץ איז צוריקגעקומען, האט דער איד בעשלאָסען צו דערצעהלען די גאַנצע מעשה דעם פריץ, ווי אזוי זיין אנגעשטעלטער האט „בעהאנדעלט" זיינע שכנים, און ווען עס האט אויסגעפעהלט עטליכע רובל האט ער געהייסען געבען אזויפיל שמיץ.

דעם פריץ האט שטארק פארדראסען אויף די שלעכטע האנדלונג פון זיין אנפארטרויטען און האט בעפויהלען, אז פאר ייעדען שמיץ זאל ער געבען דעם איד הונדערט רובל. און אזוי ווי ער האט דא אהויז וואס איז ווערט פיער טויזענד רובל, האט ער אבגעגעבען דעם איד אהאלבע הויז פאר די 20 שמיץ וואס ער האט איהם געשמיסען.

ווען זיין פרויא האט איהם בעגעגענט ארויסגעהענדיג, און האָט איהם געפרעגט וועגען דעם רעזולטאט פון זיין דערציעהלען דעם פריץ די געשיכטע, האט ער איהר געוויזען דעם קאנטראקט אויף די האלבע הויז וואס ער האט בעקומען,

אבער קיין שטארקע צופריעדענהייט האט זי אויף איהר מאנ'ס פנים ניט געזעהען.

אויב אזוי' — פרעגט זי איהר מאן — דארפסטו דאך זיין צופריעדען, ווען דו האסט בעקומען אהאלבע הויז אין די ווערט פון 2 טויזענד רובל.

פארשטעהסטו מיך מיין ווייב — האט דער מאן איהר אבגעענטפערט — עס פארדריסט מיר פאר וואס ער האט מיר דאן ניט געגעבען פערציג שמיץ, וואלט איך דאך ייעצט געהאט ניט קיין האלבע הויז, נאר די גאנצע הויז...

דא האט דער חפץ חיים אויסגעפירט דעם מוסר השכל פון דער מעשה, אז דאָס זעלבע איז מיט יסורים וואָס אַמענש ליידט דא אויף דער וועלט. בשעת מעשה וויל ער דאס שטארק ניט ליידען, אָבער ווען עס וועט זיך שפעטער ארויסווייזען, וויפיעל בעצאהלט און פארגעניגען מען וועט איהם געבען פאר ייעדע שעה וואס ער האט געליטען אויף דער וועלט יסורים און פארדרוס, וועט זיך דאן דער מענש טראכטען, הלואי וואלט איך דאמאלסט מעהר געליטען, וואלט איך דאך איצט געהאט פיעל מעהר פארגעניגען.

פון דעם דארף אַ מענש זיך אבלערנען, צו מקבל זיין באהבה די יסורים אויף דער וועלט. אַמאָל זיינען די יסורים אַ אבקומעניש פאר זינד, און אמאל גיט מען יסורים, אזוי ווי אַ פאטער שטראפט זיין קינד, צוליעב זיין טובה וועגען. ער האט אויך דערציילט פון דעם ווילנער גאון וועלכער האט געזאגט, אז אדאנק די יסורים וואס א מענש ליידט אויף דער וועלט, קען ער דורכגעהן זיכערער דעם יום הדין אויף ייענער וועלט, ווייל די יסורים ווערן אים צוגערעכנט צו דעם צאל פון די מצות, וועלכע וועגען צוזאמען אריבער די עבירות.



## 45. גְעוואַנהייט – אַ צווייטע נאַטור

אַ סוחר וואס האָט געהאנדלט מיט פּערפיום, איז איין מאָל אריינגעקומען אין אַ פאַבריק, וואו מען ארבעט אויס לעדער. דער געררויך פון די רויהע פעל האָט זייער שלעכט געווירקט אויף איהם, ער האָט בעקומען קאפ שמערצען און האָט גלייך פארלאזען די פאבריק.

אין פארלויף פון יאהרען, האָט ער געמוזט ליקווידירען זיין געשעפט פון פּערפיום און האָט ניט געהאט קיין אנדער ברירה, ווי נאר צו עפענען אַ לעדער געשעפט. די ערשטע צייט נאטירליך איז איהם אנגעקומען זייער שווער צו ליידען דעם ריח פון די פעל, אבער מיט דערצייט האָט ער זיך אזוי צוגעוויינט, אז עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער איז געבארען געווארען אַ פעל פאבריקאנט.

אזוי איז, ווען איינער עסט טרפה צום ערשטען מאָל, פיהלט ער עפעס מאראליש ניט אין ארדענונג. ווען אבער ער געוואהנט זיך איין עטליכע מאָהל, פארלירט ער שוין דעם געפיהל און זיין קאָפּ ווערט שוין פארשטאָפּט, אזוי ווי די תורה זאָגט „ונטמתם" במ. ד. ה. אז ווען איר וועט עסען טריפה וועט אייער קאפ פארשטאפט ווערען.

און אזוי איז אויך מיט אלע עבירות. דעם ערשטען מאָל קומט עס דעם יצר הרע ניט אַן גאר גרינג, איינצו־רעדען דעם מענשען, אבער ווי נאר דער מענש געוואהנט זיך איין, דאן ווערט עס ביי איהם אַ געוואהנהייט און ער בעטראכט עס שוין ניט פאר קיין עברה, דעריבער דארף מען זיך גלייך ביים אָנפאנג אַנטקעגען שטעלען דעם יצר הרע מיט אלע כחות, ווארום געוואנהייט איז — אַצווייטע נאטור.

## 46. מען דארף זיך ניט פארמאטערען

איינער לאָזט זיך ארויס פאנגען הירשען, אדער חאַפּען פיש, ער קען אמאל פארברייינגען אַ גאנצען טאג און חאפּען איין הירש, אדער פאנגען איין פיש. פונדעסטוועגען וועט ער זיך ניט פארמאטערען און וועט מארגען ווידער טאן די זעלבע ארבעט.

דאס זעלבע איז אויך, ווען איינער רעדט צו אַ גרויסען עולם, תורה און מוסר, און בלויז איינער האט זיך גוט צוגעהערט און איז בעווירקט געווארען צום גוטען, איז שוין כדאי געווען די גאנצע ארבעט.

מען דארף ניט פארלירען דעם מוטה און מען דארף זיך ניט פארמאטערען ווידער אמאל צו רעדען און בעווירקען דעם עולם, ווען מען חאפּט נאר איין „הערשעלע״ אדער איין „פישעל״ דארף מען אויך זיין צופריעדען.

דאס זעלבע איז אויך ווען אַ מאן נעמט זיך צו לערנען תורה, און עס קומט איהם אָן שווער, דארף ער דאס לערנען ניט אַוועקלייגען, נאר מיט עקשנות לערנען ווייטער ביז ער וועט מצליח זיין.

און דער גרויסער גאון און צדיק ר׳ ישראל סאלאנטער זצ״ל פלעגט זאגען, אז ווען איינער אונטערנעמט עפּעס צו טאָן, דארף ער האבען אין זינען דריי זאכען. ערשטענס זיך ניט פארמאטערען און ניט פארלירען דעם מוטה. צווייטענס — ניט וועלען דוקא אויספיהרען, און דריטענס, ניט אויפהערען טאָן ביז מען האט ניט אויסגעפיהרט...

דער דאזיגער גאון האט אויך אַמאָל געזאגט איינעם אַ מגיד, וועלכער האט געצווייפעלט אין די ווירקונג פון זיינע דרשות, אז אויב איין איד וועט דאוונען אַ פרימערן מעריב צוליב זיין דרשה, איז ער מובטח אז ער איז אַ בן עולם הבא.

## 47. אַ עצה צו קאַרגשאַפט

איינער פון זיינע תלמידים, איז נאָך זיין חתונה זעהר רייך געוואָרען. ער איז אָבער גלייכצייטיג אויך קאַרגער געוואָרען. ער איז געקומען פרעגען דעם רבי, פאַר וואָס ער איז אַזוי קאַרג געוואָרען און וואָס איז די עצה דערצו.

דערויף האָט איהם דער חפץ חיים געענטפערט מיט אַ משל: אַ מאַן איז געקומען אין אַ קראָם קויפען מעהל. ער האָט געוואָלט קויפען פאַר וועהניג געלט, אָבער אַז ער האָט גענומען אַ זאַק און האָט אָנגעהויבען אָנשיטען די מעהל, האָט ער אָנגענומען פיעל מעהר ווי ער האָט געדיינקט, דער קרעמער האָט נאַטירליך צוגעשטעלט מעהר געוויכט, לויט די מאָס פון די מעהל. די ענדע איז געווען, אַז ער האָט געמוזט בעצאָהלען פיעל מעהר ווי ער האָט פריהער געדיינקט.

— וויבאַלד זאָגט דער חפץ חיים צו איהם — אַז איהר זייט רייכער געוואָרען האָט איהר דאָך בעדאַרפט צו געבען מעהר, איז אָבער די צרה וואָס אייער יצר הרע איז אויך גרעסער געוואָרען, לאָזט ער אייך ניט געבען אפילו דאָס וואָס איהר האָט אַמאָל יאָ געגעבען.

די עצה דערצו איז, צו געבען און צו געבען, מיט אַמאָל, וואָס גיכער און וואָס מערער. אַזוי ווי איינער וויל זיך טובל'ען אין אַ קאַלטער מקוה, דאַרף ער אַריינשפּרינגען אין וואַסער און ניט טראַכטען צופיעל.

דער כלל איז, אַז דער געבער פאַרדינט מער פאַר דעם נעמער, און אַזוי זאָגען אויך אונזערע חכמים, אַז די טובה וואָס דער אָרעמאַן טוהט מיט דעם געבער, איז גרעסער פון די טובה וואָס דער געבער טוהט מיט דעם אָרעמאַן.



## 48. קראַנקהייט – אַ הויז אַרעסט

דער חפץ חיים איז אמאל געגאנגען מיט נאך איניגע מענשען בעזוכען אַ קראנקען. געהענדיג צוריק אַהיים האט ער געזאגט זיינע באגלייטער, זיי זאלען זיך אריינטראכטען, אין דעם אופן, ווי אזוי אַ רעגירונג אַרעסטירט אַ מאן, און ווי אזוי דער רבש״ע טהוט די זעלבע ארבעט.

אַ רעגירונג, אז זי דארף איינעם אַרעסטירען, בינדט מען איהם אין קייטען, מען פארשפארט איהם אין אַ הויז מיט גראטעס אין די פענסטער און אייזערנע טירען וועלכע זיינען פארשלאסען מיט פיעל שלעסער, און אין דרויסען שטעהען ערשט סאַלדאטען מיט ביקסען טאג און נאכט און גיעבען אכטונג, אז קיינער זאל ניט אנטלויפען.

און ווען דער רבש״ע וויל איינעם ארעסטירען, לייגט ער איהם נאר אריין אין אַ בעט, דאס הויז איז אפען פון אלע זייטען, אויף די פענסטער זיינען אהן גראטעס, ניטא קיין שומרים, ניטא קיין בעוואפענטע סאלדאטען. דער ארעסטיר־טער חולה ליגט זיך פריי און קען זיך פון ארט ניט ריהרען. ער קען אפילו ניט חלומ'ן פון אנטלויפען.

קראנקהייט איז אַ הויז ארעסט.



ביי אַ צווייטע געלעגענהייט האט דער חפץ חיים אַנגעוויזן אויף דעם אונטערשייד פון אַ מענשליכע היילונג צו אַ הימלשע היילונג. דער רבש״ע קען אויסהיילן מיט איין ווארט, אזוי ווי עס שטייט אין תהלים „ישלח דברו וירפאם". אבער אַ דאקטאר מוז אַנקומען צו מעדיצין, אַפעראַציעס, און האַספיטאַלס, און אויף אַ גאנץ לאנגע צייט.

דעריבער זיינען מיר מתפלל „רפאנו — ונרפא" — אז אונזער רפואה זאל זיין דירעקט פון דיר, דאן זיינען מיר זיכער אז די רפואה וועט זיין אַ שנעלע און אַ פולשטענדיגע.

## 49. די וועלט פירט זיך מיט ארדענונג

אין איינעם פון די ווינטערדיגע טעג איז דער בעל עגלה פון שטעדטעל געפארען אין א שליטען צום באן. דער פראסט האט געברענט און דער שליטען האט זיך געגליטשט אין דעם ווייסען שנעה.

אין פארלויף פון טאג, האט די זון שטארק בעשעדיגט דעם שנעה, און דער פערד האט שווער געארבעט צו שלעפן דעם שליטען אויף די היילע ערד. אויף די זייטיגע פעלדער אבער, וואו קיין מענש האט ניט געטראטען און קיין פערד זיינען ניט געפארען, איז געלעגען דער שנעה אויסגעשפרייט אינגאנצען. דעם בעל עגלה האט עס שטארק פארדראסען די מעשה און א שטילע תפילה האט זיך ארויסגעגאסען פון זיין הארצען: „רבש"ע, האט ער געטענה'ט, צו וואס דארפסטו דעם שנעה אויף די פעלדער, וואו קייער פארט ניט מיט קיין שליטען, עס וואלט דאך געווען פיעל גלייכער, ווען די ביסעל גוטע שנעה ליעגט אויף דעם וועג, וואו מיין פערדעל מאטערט זיך מיט די לעצטע כחות צו שלעפען דעם שליטען"...

עס פאסירט אזוי אויך אין לעבען, אז די ביסעלע גוטע וואס עס איז פאראן אין דער וועלט ווערט גאר בענוצט פון אזעלכע, וואס ברייגגען קיינעם ניט קיין נוצען, און די וועלכע זיינען בערעכטיגט צו געניסען פון דעם, מאטערען זיך מיט די לעצטע כחות אנצוהאלטען זייער עקזיסטענץ.



## 50. צומאַכען די אויגען — איז ניט קיין עצה

אויף די מענשען, וועלכע פארלאזען די שוהל, ווען מען לייענט די תוכחה, האָט דער חפץ חיים דערצעהלט פאלגענדע מעשה:

מען האָט אמאָל איינעם געווארענט, ער זאל ניט געהן אין ייענע וועג, ווײלע דאָרט איז פאראן שטעכיגע דערנער, און עס לויפען דאָרט ארום ווילדע חיות, וועלכע קענען צורײסען אַ מענשען אויף שטיקער.

אבער דער מאַן האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג און איז דוקא געגאנגען אין דער וועג, אבער ער האָט זיך פארבונדען די אויגען, אז ער זאָל ניט זעהען די דערנער און די פארצוקענדיגע ווילדע חיות...

שלמה המלך זאָגט אַן דעם מענש, ער זאל ניט אנטלויפען פון שטראף רייד, און זיי זיינען ביי זיך קלוג און דיינקען, אז אויב זיי וועלען ניט הערען די שטראף רייד פון דער תוכחה, וועט זיי קיין שלעכטס ניט פאסירען, אבער דער אמת איז, אז ווען זיי פארמאכען די אויגען, זיינען זיי נאָך מעהר אויסגעזעצט צו די גרויסע סכנות. שוין פיעל גלײכער צו האלטען אפען די אויגען און אויסמיידען צו געהן אין די געפעהרליכע וועגען.

און דערפאר ווערט אונזער תורה אנגערופן אין תהלים „מאירת עינים", ווייל זי מאכט ליכטיק די מענשליכע אויג צו דערזעהען און דערקענען אלע געפארן און צו קענען זיי אויסמיידען. גליקליך איז דער מענטש, וואס האלט זיינע אויגן אָפן און געהט אין די ליכטיקע וועגן פון דער תורה.



## 51. צווייַ סאָרטן געזעגענען זיך

ווען די תלמידים פון דער ישיבה פלעגען זיך גרייטען פארען אהיים אויף אַ יום טוב, איז צוגעגאנגען אַ בחור׳ל זיך געזעגענען מיט׳ן חפץ חיים און בעטען ביי איהם אַ ברכה. דער חפץ חיים האָט בעמערקט א צופרידענהייט אויף דעם בחור׳ס געזיכט. און האָט זיך געווענדעט צו די אלע וועלכע זיינען געווען אנוועזענד אין הויז: איהר האָט געזעהען, ווי אזוי דער בחור איז צופריעדען וואס ער פאָרט אהיים צו זיינע עלטערען? אויב אזוי, דארף מען דאָך פארשטעהן, פארוואס אַ מענש ווערט אומעדיג, ווען ער האַלט ביים אוועקגעהן פון דער וועלט צום פאָטער אין הימעל. ער האָט דאָך בעדארפט זיין פרעהליך און אויפגעלייגט, ער געהט דאָך צוריק צום פאָטער?

די דאָזיגע קשיא האָט שוין געפרעגט דער רמב״ן אין זיין ספר „תולדות אדם״. און די תשובה דערויף איז, ווייל דער מענש איז בעשאפען געווארען צו לעבען אייביג, אזוי האָט דער וועלט בעשעפער אריינגעגעבען אין דער נאטור. ערשט ווען דער מענש האָט אליין פארדארבען זיין וועג און האט געגעסען פון עץ הדעת, האט ער דערמיט איבער געמאכט די נאטור און עס איז ארויס די גזרה פון שטארבען. דערפאר טאקע וויינט דער מענש, ווען ער דארף צוליעב זיינע שלעכטע מעשים פארלאזען די וועלט.



## 52. ניט קריגען זיך מיט קיינעם

„לעבען בשלום און זיך ניט קריגען מיט קיינעם", איז געווען זיין הייליגער געבאט צו אלעמען. אפילו מיט די געגנער פון תורה און אידישקייט האָט ער געלערענט זיך ניט צו קריגען מיט זיי און ניט אריינלאָזען זיך אין קיינע וויכוחים.

זיי, די פרייע, האָט ער געזאגט, ווילען דוקא אז מיר זאלען זיך מיט זיי קריגען, וועלען זיי פון דעם געווינען דערוויילע, ווייל זיי וועלען קענען ווארפען בלאטע אויף די ארטהאדאָקסישע אידען און צוציהען אויף זייער זייט די יוגענד.

די איינציגע עצה איז דעריבער נאָר צו טאָן מעשים. מיר קענען זיך ניט בענוגענען מיט קריטיקירען זייערע מעשים, נאָר מיר דאַרפען טאָן וואס מיר זיינען מחויב צו טאָן. אויב מיר זעהען, אז „הם עמלים", אז זיי טהוען זייער ארבעט, דארפען מיר מקיים זיין דעם „אנו עמלים". אויב מיר זעהען, אז „הם רצים", זיי לויפען, דארפען מיר ווייזען, ווי אזוי „אנו רצים", ווי אזוי מיר לויפען צו טאָן אונזער הייליגע ארבעט. און אזוי זאָגט אויך דוד המלך אין תהלים, „מאויבי תחכמני". פון מיינע פיינד דארף איך ערשט קלוג ווערען.

און אַמאל האט ער געזאָגט אַ כלל אין קריגען זיך. מען זאָל אויסמיידען צו קריגען זיך אין אלגעמיין. און אויב עס קומט אויס אַמאל, אז קריג איז אומפערמיידליך, דארף מען חאטש זעהן, אז איך זאל זיין שטארקער פון ייענעם און יענער זאָל זיין פרימער פאר מיר. אבער אויב עס איז פארקערט, אז איך בין פרימער און ייענער איז שטארקער, דאן זאָל מען זיך לכתחלה ניט אנפאנגען...



## 53. דער חולה מוז זיך אליין העלפען

איינער פון די גדולים פון פריערדיגען דור האָט זיך געשאפט דורך איינעם אנ׳עסקן, צו אבשרייען און מבטל מאכען די שלעכטע גזרות פון דער צארישער רעגירונג.

דער דאזיגער גדול האָט איינמאל שטארק אויסגערעדט דעם שתדלן, פארוואס ער האָט מחלל שבת געווען. דעם שתדלן האָט עס שטארק פארדראסען און האָט געגעבען אנצוהערענעש דעם גאון, אז ער ארבעט דאָך פיעל אויף אבצושאפען די גזרות פון דער רעגירונג, מיינענדיג דערמיט זיך רעכט צו מאכען פאר דעם חלול שבת.

דער גדול האָט איהם אבער דערויף געענטפערט מיט אַ מעשה פון לעבען.

א סוחר איז אמאל געפארען מיט אַ בעל עגלה אין אַ ווינטערדיגע נאַכט. דער פראָסט איז געווען א גרויסער און ביים סוחר זיינען אבגעפרוירען געווארען די אויערען. דער בעל עגלה האָט גלייך געחאפט אַ ביסעל ווייסען שנעה און האָט געריעבען די אויערען פון סוחר, ביז זיי האבען זיך גוט דערוואַרעמט און זיי האבען בעקומען זייער פריערדיגען אויסזעהען.

און דער נס איז געשעהן — האט דער גאון פארענדיגט זיין מעשה — וואס עס איז געווען ווינטער צייט, ווען דער שנעה ליגט אויף די פעלדער. ווען דאָס וואָלט אָבער פאסירט זומער צייט, ווער ווייס ווי אזוי מען וואָלט דעם סוחר געקענט אויסהיילען די פארפרארענע אויערען...

פארשטעהט איהר מיר, האָט דער רב געזאָגט צום פרייען שתדלן, די אלע גזרות זיינען דאָך אַ רעזולטאט פון חלול שבת און עסען טרפות און נאָך אזעלכע עהנליכע זאכען,

די דאָזיגע זיינען די פרעסט וועלכע פריהרען איין די אברים פון מענשען, מוזען די זינדיגע דעריבער טאקע אליין זיך משתדל זיין אראָבצונעהמען די גזרות, און עס קומט זיי דערפאר ניט קיין דאנק.

* * *

אינטערעסאנט איז, דאס דער חפץ חיים האָט זיך זעלטען געשאפט מיט שתדלנים, ער פלעגט שטענדיג אליין געהן צו די רעגירונג׳ס בעאמטע זיך משתדל זיין. ווען ער פלעגט אמאָל יאָ בעשטימען צו שיקן אַ שליח פלעגט ער פריהער אויסגעפינען, אויב דער מאַן איז דער פאסיגער דערצו, און אויב ער וועט זיין ביכולת צו דערפילען זיין שליחות.

זיין כלל איז שטענדיג געווען, אז ווען מען שיקט אַ שליח דורכצופיהרען אַ קהל׳שע שליחות, דארף מען פריהער פועל׳ען ביים שליח אליין...

זאגאר אין זיין טיפען עלטער, פלעגט דער חפץ חיים פאָרן אין ווארשא און אין ווילנא צו די רעגירונגס בעאמטע אָפצושרייען פערשיידענע גזירות. ער האָט ניט געקוקט אויף זיין שוואכן געזונט, אויך גרויסע פרעסט האָבן אים ניט צוריקגעהאלטן פון צו טהאָן זיין ארבעט בשלימות.



## 54. אנ׳אורח קען ניט זאגען קיין דעה

אנ׳אורח איז אריין שבת אין אַ שוהל צום דאוונען. ווען מען האט געלייענט אין דער תורה, האט דער אורח בעמערקט, ווי אזוי דער גבאי פון שוהל האָט געהייסען אויפרופען דעם ערשטען — פון מזרח זייט, דעם צווייטען — פון מעריב זייט און דעם דריטען ווידער פון מזרח זייט, און פון דרום זייט האָט ער קיינעם ניט אויפגערופען.

דער אורח האט ענדליך געפרעגט דעם גבאי אויף זיין ניט פערשטענדליכע אויפפיהרונג, פארוואס ער רופט ניט אויף אלע פון איין זייט כסדר, און פאר וואס ער זוכט אויס מענשען פון אלע זייטען, נאר ניט פון דרום זייט.

האָט איהם דערויף איינער פון די שוהל אידען געענטפערט: ר׳ איד, איהר זייט געקומען אהער אויף איין שבת און איר ווילט שוין וויסען דעם גאנצען סדר, ווי אזוי דער גבאי טהיילט איין די עליות. ווען איהר. וואלט דא געדאווענט ייעדען שבת אין יאהר וואלט איהר געזעהן, אז דער גבאי ווייס וואָס ער טהוט. אין די פאריגע שבת׳ים האָט ער אויפגערופען דעם כהן פון דרום זייט און היינט האט ער גערופען אַ צווייטען כהן פון מזרח זייט. און די זעלבע עלי׳ וואס ער האָט מכבד געווען היינט אַ אידען פון צפון זייט, האָט ער פאריגען שבת געגעבען אַ אידען פון מעריב זייט, אזוי אז דורך אפערלויף פון אייניגע וואכען גלייכען זיך אלע אויס.

דאס זעלבע איז מיט אונז מענשען אויף דער וועלטעל. אמענש קומט אהער אויף אַ קורצע ווייל און ער וויל וויסען אַ ענטפער אויף אלע פראגען, פאר וואס דער איז רייך און דער צווייטער איז ארעם, פאר וואס דער האט כבוד און ייענער ניט. ווען אמענש וואלט געלעבט טויזענד יאהר, וואלט ער געזעהען, אז מיט הונדערטער יאהרען צוריק, איז דעם אידענס עלטער זיידע געווען אַ גביר און ייענעם־ס — אַ ארעמאן, און היינט איז דאָס אומגעקערט, דער האָט אויסגעהאלטען

דעם עקזאמען פון ארעמקייט, האט מען איצט זיין זון רייך געמאכט, ייענעם׳ס עלטערען האבען ניט אויסגעהאלטען אין זייער רייכקייט, מוז זייער זון איצט דורכמאכען אַ ארעמען לעבען.

אבער וויבאלד דער מענש איז ניט מער ווי אנ׳אורח אויף דער וועלט, און זעהט ניט מעהר ווי דאס וואס עס קומט פאָר אין זיינע געצעהלטע יאהרען, דאן דארף ער קיין קשיות ניט פרעגען, און ער קען זיכער זיך פארלאזען אויף דעם בעל הבית פון דער וועלט, אז אלץ פיהרט זיך מיט אַ ארדענונג און מיט אַ רעכענונג.



אַ צווייטען מאל האט ער דערצעהלט אַ מעשה וועגען אנ׳אורח וואס האט איבערגענעכטיגט אין איין אכסניא. ווען דער אורח האט שוין געהאלטען ביים אבפארען, האט ער אויפמערקזאם געמאכט דעם בעל הבית פון דער אכסניא, אז ער האָט בעדאַרפט איבערשטעלען די בעטען אין דעם צימער, זיי זאלען ניט שטעהן צו נאהענט צום אייוען, און דעם קליידער שראנק האט ער געברויכט אוועק צו שטעלען אביסעל ווייטער פון פענסטער און נאָך אזעלכע ענדערונגען.

פרעגט איהם דער בעל הבית פון אכסניא, ר׳ איד, איהר זייט געקומען אהער ארייננצוציהען זיך אין מיין אכסניא אויף שטענדיג ? איהר זייט דאך געקומען נאר אויף איבער צו נעכטיגען איין נאכט און איהר ווילט שוין איבערשטעלען דעם גאנצען סדר אין מיין וואהנונג.



## 55. דעם יצר הרע קען מען ניט פארטרייבן

צווישען די פארשיידענע בעשעפענישען וועלכע **בעאומרוהיגען דעם מענש, צייכענט זיך בעזונדער אויס די** פליעג. אלע שטוביגע חיות שרעקען זיך ווען מען בעדראהט זיי, אדער מען פארטרייבט זיי, זיי פארשטעהען, אז מען וויל פון **זיי פטור ווערען און זיי טראגען זיך אב.**

אנדערס איז אבער די פליעג. דו טרייבסט איר אוועק **פון איין אָרט און באלד בעזעצט זי זיך אין אַ צווייטען, אָט שטעהט זי ביי דיר אויף די נאָז און ווען דו טרייבסט איר** אוועק, בעזעצט זי זיך אויפ׳ן שטערען, מען פארטרייבט איהר **פון דארט און זי איז ווידער דאָ אויף אנ׳אנדער פלאץ, און** פיעל מאל פאסירט, אז דער מענש פארלאזט אינגאנצען זיין **פלאץ און זעצט זיך ערגעץ אנדערש, און די פליעג פארפאלגט איהם אויך דאָרט.**

און דערפאר זאָגט די גמרא, אז „יצר הרע דומה לזבוב" **דער יצר הרע איז גלייך צו אַ פליעג, ער שעמט זיך ניט צוריק צוקומען אפילו ווען דו פארטרייבסט איהם הונדערט מאָל, מען איז אפילו ניט זיכער, ווען מען בייט דעם פלאץ, ער פארפאלגט דיר איבעראל, און קיין מענש איז ניט זיכער פון איהם.**



**איינמאל אין א קאלטע ווינטערדיקע נאכט, ווען דער חפץ חיים איז אויפגעשטאנען פארטאג, ווי זיין שטייגער,**

צו זעצען זיך לערנען, האט ער דערציילט וועגן א **ויכוח**, וואס ער האט ערשט געהאט מיט'ן יצר הרע.

ער האָט אים נעמליך געראטען, ניט אויפצושטיין אזוי פרי אין אזא קאלטען פרימארגן. אלס א עלטערער מענש האט ער אים געראטען צו ליגן אין בעט נאך א פאר שעה.

האב איך אים אבער געענטפערט — האט דער חפץ חיים געזאגט — דו יצר הרע, ביזט דאך פיל עלטער אין ביזט נאך אויפגעשטאנען פיל פריער פון מיר. טאקע פון דיר האב איך זיך געלערנט אויפצושטיין פרי.



## 56. פארדינט וועהניג – פארדירט פיעל

אַ קייסער האָט געשיקט זיין מיניסטער אין אַ וויכטיגע שליחות. ער האָט איהם בעפוילען, אז אויב מען וועט איהם פארלייגען אויפן וועג צו וועטען זיך, מעג עס זיין אין גאָר אַ זיכערען וועג, זאָל ער דאס בשום אופן ניט טאָן.

דער מיניסטער איז אָנגעקומען אין אַ פלאץ, וואו אַ גרופע מענשען האבען אויף איהם אויסגעטראכט, אז ער האָט אַ הויקער אויף זיין פלייצע, און אז איין זייט פלייצע איז איהם פיעל העכער פון די צווייטע.

ער האט עס נאטירליך קאטעגאריש געלייקענט, אבער די חברה האָבן געהאלטען אין איין טענה'ן, אז זיין הויקער איז גאָר אַ גרויסער און זיי האבען פארגעלייגט צו וועטען זיך אין צעהן טויזענט דאָלער, אויב ער וועט זיך אויסטאָן זיינע קליידער און זיי וועלען אלעמען ווייזען זיין הויקער.

דער מיניסטער האָט אָבער געוואוסט זיכער, אז ער וועט דאָ געווינען די צעהן טויזענד דאָלער, און האט מסכים געווען צו אויסטאָן זיינע קליידער, ביז דאס לעצטע, און די ענדע איז געווען, אז ער האט געוואונען דעם געוועט, און מען האט איהם בעצאלט די צעהן טויזענד דאָלער.

ווען ער איז צוריקגעקומען צום קייסער און האט איהם דערצעהלט, אז ער האט געוואונען צעהן טויזענד דאָלער, האט דער קייסער גאָר שטארק איהם אויסגערעט, ווייל דורך זיין געווינס האט דער קייסער פארלארען אַ גאנצען מיליאָן דאָלער, ווייל ער, דער קייסער, האט זיך געוועט מיט איינעם אין אַ מיליאָן, אז עס וועט זיך קיינעם ניט איינגעבען אויסצוטאָן זיין מיניסטער ביז נאקעט, און דעריבער האָט

ייענע חברה אויסגעטראַכט דעם בלבול מיט דעם הויקער און „פארלארען" צעהן טויזענד, כדי צו געווינען דעם מיליאָן.

דאס זעלבע איז מיט די, וועלכע געהן מיט די לינקע מיט דער כונה צו געווינען און צוציהען זיי צו אידישקייט. זיי געווינען טאקע אמאָל איינציגע דאָלערס, אבער זיי פארלירען דערווייל טויזענטער...

אזוי דיינקען פיעל מענשען, אז זיי טוהען אַ טובה אידישקייט, ווען זיי זיינען נאכגיביג אויף וועלכען ניט איז געביעט, און עס דוכט זיך זיי, אז זיי געווינען אויף אַ צווייטען געביעט. דער אמת אבער איז, אז דאס וואָס זיי האבען נאכגעגעבען זיי געוויס פארלארען, און אויב זיי וועלען עפעס געווינען דורך דעם, איז נאך אַ גרויסע פראגע.

דארף מען דעריבער ניט זיין צופיעל נאכגיביג אויף דעם געביעט פון אידישקייט, נאָר אמענש דארף זיין שטארק ווי אייזען. „אני חומה" — איך בין אַ מויער, זאָגט די תורה.

ליידער האבען די דאזיגע פאנטאזיעס פון די כלומר־שטע פארדינסטען פיעל געבראכען די פעסטונגען פון אידיש־קייט. אזוי האבען זיך אָנגעפאנגען די קאָנסערוואטיווע און רעפארם בעוועגונגען אין אייראָפע, וועלכע האבען זיך מיט דער צייט צושפרייט אין אַנדערע וועלט טהיילען, און מיט געריסען מיט זיך גרויסע מאסען, וועלכע זיינען בעאיינפלוסט געווארען פון די אָנפיהרער, אז זיי געהן "פארשטארקען" אידישקייט. היינט זעהען שוין אלע וואו די דאזיגע „פיהרער" האבען פארפירט.



## 57. דאס לעבן און טויט אין צונג פון מענטשען

איינער איז אמאָל אריין אין א גרויסע פאבריק, וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג מאשינעס. פיעל פון די מאשינעס זיינען געווען צום וועבען, אנדערע צו שטריקען און אויסנייהען. נאך איין מאשין איז דאָרט געווען, וועלכע איז געווען די קאסטבארע פון אלע. די ארבעטער האבען געהאט דעם בעפעל צו אכטונג געבען אויף אָט די מאשין, מעהר ווי אויף אלע אנדערע, ווייל אין איהר פונקציע ליעגט דאס לעבען און דער טויט פון די ארבעטער, און ווען די דאזיגע מאשין ווערט צובראָכען, דאַן פארליערען די אלע מאשינעס זייער בעדייטונג.

די 248 מאשינעס, דאס זיינען די 248 איברים פון דעם מענשען, וועלכע ענטשפרעכען די צאהל פון מצוות, וועלכע א מענש דארף מקיים זיין. די גרעסטע און וויכטיקסטע מאשין אין דעם מענשענס ארגאניזם איז אבער די צונג. אין איהר ליעגט דאס לעבען און דער טויט, ווער עס וויל לעבען, דער מוז פארזיכטיג זיין מיט דער צונג. ער דארף איהר האלטען פארשלאסען צווישען די ציינער, ווייל ווען די דאזיגע מאשין ווערט שלעכט געברויכט, דאַן פארליערען אלע אנדערע מאשינעס זייער בעדייטונג.

ליידער אבער קומט עס אָן ניט גרינג איינצוצוימען אָט די וויכטיגע מענשליכע מאשין. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי, די צונג, ליגט בעהאלטען צווישען די ציינער, רייסט זי זיך דאך ארויס ניט זעלטען און מאכט אָן גרויסע היזקות דורך לשון הרע, רכילות, מחלוקת.

היטען די צונג איז די גרעסטע סגולה צו אריכת ימים.



## 58. אלע האפען, האם אויך!

ווען איינער האָט געדאווענט שמונה עשרה אהן כונה און ער האָלט שוין ביים ענדע, דארף ער דאָך מאכען אלע אנשטריינגונגען חאטש די לעצטע ביסעל צו דאווענען מיט כונה.

עס איז אמאָל געשטאנען אַ פרויא און האט פארקויפט עפעל, איז צוגעקומען אַ גנב און האָט אנגעהייבען חאפען די עפעל פון קארב. די פרויא איז געבליעבען שטעהן צושראקען און האט ניט געקענט זיך קיין עצה געבען. איז צוגעקומען איינער א קלוגער מאַן און האָט געזאָגט צו דער פרויא, ווארט ניט ביז ער וועט צוחאפען אלע עפעל, אריב אז ער חאפט, טאָ חאַפ דו אויך, וויפיעל דו וועסט אריינחאַפען וועט זיין דיינע.

דאס זעלבע איז מיט דעם יצר הרע, ער האט ביי דיר אוועק געחאפט אַ שטיק פון דאווענען, ער האָט דיר אריינ־געגעבען אנדערע מחשבות, אז דו זאָלסט ניט קענען מכוון זיין ווי געהעריג, טאָ ווארט ניט ביז ער וועט אלץ ארויסחאפען, נאָר וואס דו קענסט חאַפ אריין.



## 59. חסידים און מתנגדים

עס האט אמאָל אַ מאן געפרעגט דעם חפץ חיים, צוליעב וואס זיינען פאראן ביי אידען אַזויפיל גרופעס, ווי חסידים און מתנגדים, און ניט נאָר איין מין חסידים, נאָר פארשיידענע, אייניגע האלטען מעהר פון לערנען און אנדערע פון דאווענען, אייניגע בעשעפטיגען זיך מעהר מיט חסידות און גאָר אנדערע טאַנצען און זינגען. עס וואָלט דאָך געווען פיעל בעסער, ווען אלע זאָלען דאַווענען איין נוסח, און זאָלען זיך אויפפיהרען אויף איין שטייגער.

און דער חפץ חיים האָט איהם געענטפערט מיט אַ ליבליכען שמייכעל: איהר האָט בעדאַרפט פרעגען דעם רוסישען קייסער, צוליעב וואס ברויכט ער אזויפיל סאָרטען סאָלדאטען? פוס-געהער, קאוואלעריע וואס רייטען אויף פערד, ארטילעריסטען, און אפילו מוזיקאנטען, וואס שפילען אויף פארשיידענע אינסטרומענטען. וואָלט דאָך געווען פיל גלייכער, ווען דער קייסער בעשטימט עס זאָל זיין איין סאָרט סאלדאַטען מיט איין גענעראל איבער זיי אלע?

נאר ווי באלד אז מען דארף האבען די סאָלדאטען אויף צו פיהרען אַ מלחמה און בעזיגען דעם שונא, קען מען ניט אויסקומען מיט איין סאָרט סאָלדאַטען, נאָר מען מוז האבען אלערליי. דער פוס-געהער שלאָגט זיך מיט דעם שונא פון נאָהענט און דער ארטיליעריע מאַן שיסט אויף דעם שונא פון דערווייטען. און אפילו די מוזיקאנטען טוען אַ וויכטיגע ארבעט אין דער מלחמה, זיי דערמוטיגען די קעמפפער, אז זיי זאלען ניט אנטלויפען פון פראנט, נאָר זאלען געהן ווי צום טאַנץ...



**דאָס זעלבע איז אויך אין דער מלחמה מיט דעם יצר הרע. אלערליי חסידים צוזאמען מיט די מתנגדים זיינען עס** סאָלדאטען אין דער ארמיי פון דעם רבונו של עולם. יעדער **פון זיי העלפט בעזיגען דעם יצר הרע, דער מיט זיין לערנען, ייענער** מיט זיין **דאווגען, דער** מיט **זיין זינגען און ייענער** מיט זיין אינסטרומענט. אלע דארפען נאָר האבען איין כונה צו **דיענען דעם בורא עולם.**

**ווארום אויך דער יצר הרע האט פארשיידענע ארויס־** העלפער. ער האָט אויך אַ גרויסע ארמיי פון פארשיידענע **סאָלדאַטען,** מוז מען **זיך אנטקעגען שטעלען אויך** מיט **אַ** גרויסע פארשיידענאַרטיגע ארמיי. גאָר די גרויסע ערליכע **אידען זיינען די לייב־גווארדיע, וואס היטען אב שטענדיג דעם כבוד שמים.**

* * *

און אמאָל האט ער דערקלערט די ווערטער פון **שלמה המלך,** וואס ער רופט אָן דעם יצר הרע, „מלך זקן וכסיל", אַן'אלטער נארישער קייסער. דאכט זיך, אז דער יצר הרע איז גאָר ניט קיין נאר, ווייל ער פיהרט זיין מלחמה מיט פיעל קלוגע. און ניט וועהניג חכמים האט ער שוין בעזיגט.

אָבער דעם טיטעל "נארישער", האָט איהם שלמה המלך געגעבען, צוליעב זיין בעשעפטיגונג, וואס ער מאכט אלעמען צום נאר...

## 60. א פערד מוז האבען א צוים

אַ סוחר האט געדונגען אַ בעל עגלה צו פארען צום באַן.

דער בעל עגלה האט איינגעדרעמעלט, און ווען דער פערד האט דערזעהן ביים זייט פון וועג פרישע היי, האט ער ניט לאנג געטראכט, פארקירעוועט אין אַ זייט צו דער פעלד און דער וואָגען מיט די פאסאזשירען האט זיך איבער־געקערט, און דער סוחר האט זיך גאר גוט צוקלאפט. דעם בעל עגלה האט זיך קוים איינגעגעבען אויפצוהייבען דעם וואגען און ארויפצופיהרען זיין פוהר אויף דעם גלייכען וועג. דאן האט דער סוחר איהם גוט אויסגערעדט, פאר וואס ער האט אבגעלאזען דעם פערד אליין צו געהן. דער בעל עגלה האט איהם אבער געענטפערט, אז ער קען זיך פאר־לאזען אויף זיין פערד, ווייל ער איז אַ „קלוגער" און אויס־געלערענטער, און ער געהט קיין מאל ניט אראפ פון וועג.

דאן האט דער סוחר איהם געענטפערט: נארישער איד, ווי פאסט עס צו זאגען אויף אַ פערד אַ „קלוגער"? ער איז דאך פארט אַ פערד, און ווען ער דערשמעקט פרישע גראז געהט ער גלייך אהין, דערפאר האט איהר דאך דעם צוים איהם אנגעטאן, צו פיהרען איהם אין גלייכען וועג.

דאס זעלבע איז אויך מיט דעם מענש, וועלכער בעזיצט אַ נפש פול מיט שכל און אויך אַ נפש פון א בהמה, און דער מענש דארף שטענדיג אכטונג געבען אויף די בהמה וואס אין איהם, זי זאל ניט איבערקערען דעם וואגען און צוקלאפען דעם „סוחר" דאס מיינט דעם שכל'דיגען נפש. אזוי ווי דער בעל עגלה דארף שטענדיג אכטונג געבען אויף זיין פערדל, אז ער זאל ניט אריינוווארפען די פאסאזשירען אין בלאטע.



## 61. דער יצר הרע זיצט אין מיטען

דער יצר הרע טהוט זיין ארבעט, אזוי ווי אַ גרויסער גענעראל אויפן שלאכט פעלד. עס פאסירט אמאָל, אז אַ גענעראל שיקט זיינע אייגענע אפיצערען און סאלדאטען צום זיכערען טויט, כדי דערמיט ארייצוכאפען דעם שונא׳ס ארמיי אין געפענגעניס.

אזוי איז אויך מיט דעם יצר הרע, ער רעדט איין די עלטערען צו שיקען זייערע קינדער אין די פרייע שוהלעס. און ווען ער זעהט זיך ארום, אז די עלטערען ווע׳לען איהם ניט פאלגען, ווײלע אלע לעהרער אין די דאזיגע שוהלעס זיינען פרייגעזאנען, דאן בעמיהט זיך דער יצר הרע ארייץ צו ברײינגען אין די פרייע שוהלע אַ לעהרער, וועלכער לייגט תפילין און היט שבת, כדי אריין צונארען די פרומע עלטערען, זיי זאלען ניט מורא האבען צו שיקען אהין זייערע קינדער, ווײלע זיי וועלען דיינקען, אז אט דער פרומער לעהרער וועט לערנען מיט זייערע קינדער די ריכטיגע תורה וואס די עלטערען ווילען.

דערפאר שטעהט אין גמרא, אז דער יצר הרע זיצט אין מיטען פון הארצען. ווייל ער דארף זעהן וואוהין צו דו״עהען זיך, אדער אויף לינקס גלייך צו דער עברה, אדער ווען עס געהט ניט לינקס, דאן פארנעמט ער זיך צום רעכטען זייט, און דורך די מצוה קומט ער צו צו דער עברה.

אזוי פאסירט, אז דער יצר הרע וועקט אויף א מענשען גאנץ פריה צו געהן אין בית מדרש, אבער ער שיקט איהם ניט אהין ער זאל דארטען דאווענען, אדער זאגען תהלים, נאר ער זאל דארט רעדען לשון הרע, ביי קריאת התורה, אדער אביסעל רכילות ווען דער חזן זאגט די הויכע שמונה עשרה.



## 62. ניט קיין ריכטיגע צוואה

אַ בעוואוסטער גביר האט געבראכט צום חפץ חיים זיין געשריבענע צוואה און געפרעגט זיין מיינונג, אויב ער האט ריכטיג פארטיילט זיין פארמעגען.

נאכדעם ווי דער חפץ חיים האט דורכגעלייענט, האט ער אנגעוויזען דעם גביר אויף איניגע פעהלערען און האט פארלאנגט אויסצובעסערען.

— איהר האט אבגעשריבען אייערע גאנצע געלט פאר אייערע קינדער און די ספרים צו די ישיבה. איהר האט בעדארפט איבערלאזען אביסעל ספרים אויך פאר אייערע קינדער, אז אויך זיי זאלען אמאל ארייננקוקען אין אַ ספר, און פאר די ישיבה לייטע האט איהר בעדארפט איבערלאזען אביסעל געלט, ווייל ספרים האבען זיי גענוג.

דאן האט איהם דער חפץ חיים אנגעוויזען אויף נאך אַ גרויסען טעות, נעמליך. אז ער האט פארגעסען, אז איהם אליין קומט אויך אַ חלק פון זיין פארמעגען. „איהר האט דאך געארבעט צו מאכען אייער פארמעגען, קומט דאך אייך לפחות אַ גלייכען חלק מיט אייערע קינדער, און אייער חלק דארפט איר אבגעבען פאר תורה און חסד".

דער עיקר אבער, איהר זאלט עס אבגעבען אליין ביים לעבען און ניט פארלאזען זיך, אז אנדערע זאלען עס שפעטער פארטהיילען, ווייל מען קען ניט וויסען, וואס פון אייער צוואה וועט זיך אויסלאזען, עס איז זעהר מעגליך, אז אַ פעהיגער אדוואקאט וועט וועלען אנולירען אייער צוואה און וויזט בעשטעטיגען דורך עדות מיט א דאקטאר. אז איהר זייט גאר ניט געווען ביים פולען געדאנק, ווען איהר האט געשריבען אייער צוואה.

אלץ קען פאסירען.



## 63. ער פארט ניט אין דער ריכטונג

אַ געוויסער צענזאָר פון ביכער אין רוסלאנד, האָט אמאל געפרעגט דעם חפץ חיים, פאר וואס ער פארנעמט זיך מיט שרייבען ספרים וועגען תורה און רעליגיאָן, און ניט וועגען ראָמאַנען אדער דערצעהלונגען און נאָך אזעלכע עהנליכע ביכער. די ביכער וואס איהר שרייבט, האָט דער צענזאָר געזאָגט, זיינען נאר פאר איינצעלנע מענשען, דאגעגען ווען איהר שרייבט אבער ראָמאַנען וואָלט איהר פיעל פארגרעסערט דעם קרייז פון אייערע לעזער.

און דער חפץ חיים האָט איהם געענטפערט מיט אַ משל.

עס איז געגאנגען אַ מאן צו פוס פון ווילנא אין קאָוונע. אויפן וועג האט ער בעגעגענט אַ פריץ, וועלכער איז געפארען אין אַקאַרעטע געשפאנט מיט צוויי פערד, פון קאָוונע אין ווילנע. דער פריץ האט זיך אבגעשטעלט און איינגעלאדען דעם פוסגעהער ארויפצוגעהן אין זיין קארעטע און מיט איהם מיטפארען.

איך דאַנק אייך זעהר פאר אייער גוטהארציגקייט, האָט דער פוסגעהער געענטפערט. עס איז ווירקליך פיעל אנגענעהמער צו פאָרען אין אַזאַ שעהנע קאַרעטע, אבער איך קען אייער פארשלאָג ניט אננעהמען, ווייל איהר פאָרט אין אנ'אנדער ריכטונג. איך געה אין קאָוונע און איהר פאָרט פון קאָוונע...



## 64. א אתרוג נאך סוכות

אַ פאָטער פון אַ דערוואקסענער מיידעל איז געקומען פרעגען אנ׳עצה צום חפץ חיים. מען שלאָגט איהם פאָר שדוכים פאר זיין טאָכטער, אבער אלץ ניט דאס וואס ער זוכט. ער וואָלט געוואלט האבען אַ בחור מיט אלע מעלות און אזוי ווי די וועלכע מען שלאָגט איהם פאָר, פארמאגען ניט די אלע מעלות וועלכע ער זוכט, פרעגט ער דעריבער, אויב ער זאָל נאך ווארטען, ביז עס וועט זיך איהם מאכען וואס ער פארלאנגט.

ענטפערט איהם דער חפץ חיים מיט פאלגענדען משל:
אַ איד זוכט צו קויפען אַ אתרוג אַ מהודר. ער איז גרייט צו בעצאָהלען וויפיעל מען וועט פארלאנגען, אבער דער אתרוג זאָל זיין מיט אלע מעלות, אַ ריינער און אַ שעהנער, אַריכטיגען גידול, אזוי ווי אין דער תורה שטעהט, פּרי עץ הדר.

דאס איז אַלץ גוט, אויב עס איז נאָך פאַראן עטליכע וואָכען ביז סוכות, ווי איז אבער דער דין, אז דער יום טוב דערנעהענטערט זיך, און דער מהודר איז אַלץ ניטאָ, דאן מוז מען נעהמען, וואס עס מאַכט זיך, ווייל עס איז ניטא קיין צייט צו וואַרטען.

דאס זעלבע איז מיט אַ שדוך, איהר זענט שוין ניט קיין יונגער מאַן, אייער טאָכטער איז שוין לאנג צייט געווען צו טאָן אַ שדוך, ווי לאנג איז דער שעור צו וואַרטען?



## 65. דער גרעסטער פארטיידיגער

אַ מאן וואס האָט זיך שטארק געניייטיגט אין פרנסה האָט אויסגעגאסען פאר'ן חפץ חיים זיין ביטער הארץ. דער חפץ חיים האט איהם געטרייסט און האָט איהם פארטייטשט אַ פסוק אין תהלים „כי יעמוד לימין אביון" דאָס דער רבש"ע שטעהט ביי דער רעכטער זייט פון אָרעמאַן צו פארטהיידיגען איהם פון זיינע שופטים.

צוויי מענשען ראובן און שמעון זיינען איינגעזעצט געווארען אין תפיסה. ראובן איז געווען פארמעגליך, אבער שמעון איז געווען שטארק ארעם. זאגט שמעון צו ראובן, דיר איז גוט, דו קענסט אנשטעלען דעם גרעסטען אדוואקאָט דיר צו פארטהיידיגען, ער וועט דיר שוין קענען בעפרייען. אבער איך בין דאָך אַ קבצן, ווער וועט פאר מיר זאגען אַ גוט וואָרט ?

זאָל זיך אַ מענש פאָרשטעלען, אז ווען ער וועט קומען אויף דעם עולם האמת, וועט דער רמב"ם איהם פארטהיידיגען פאר דעם בית דין של מעלה, וואָלט ער דאָך געווען גליקליך. הייינט ווי איז שוין ווען אַ תנא אדער אפילו אַ אמורא וואָלט איהם פארטהיידיגט, וואָלט דאָך אַ מענש אבגעגעבען זיין גאנץ פארמעגען, און ווער קען גאָר זיך דיינקען, ווען משה רבינו אליין וואָלט איהם קענען פארטהיידיגען. די גמרא זאָגט, אז ווען אַ מענש טהוט א מצוה ווערט באשאפען אַ מלאך וואָס איז ממליץ טוב אויף איהם, און אויף דעם ארעמאן שטעהט, כי יעמוד לימין אביון, אז דער רבש"ע אליין זוכט פאר איהם אַ זכות. דער דאזיגער דארף זיך שוין גאָר ניט זארגען.



## 66. פון צופיל געשעפטען ווערט מען ניט רייבער

צוויי ברידער זיינען געקומען צום חפץ חיים פרעגען אַ עצה, היות זיי האבען געקויפט אַ גרויסען וואלד און זיי האלטען נאָך אין אויסהאקען די בוימער און פארקויפען מיט גרויס ריווח, האָט זיך זיי איצט געמאכט צו קויפען אַ וואלד אין א צווייטען פלאץ, און ווי עס זעהט אויס קען מען דאָרט פיעל פארדינען. זאָגט איין ברודער, אז מען זאָל ארייכחאַפען קויפען דעם צווייטען וואַלד, און דער אנדער ברודער זאָגט, אז וויבאלד מיר זיינען נאך ניט פארטיג מיט דעם ערשטען וואַלד קען מען ניט אונטערנעמען קיין נייע געשעפטען.

דער חפץ חיים האט זיך פריהער אנטזאגט זיי צו זאגען זיין מיינונג. „איך בין ניט קיין סוחר" האט ער זיי געזאגט, אבער די ברידער האבען פארלאנגט צוליעב שלום בית, אז דער רבי זאל זיי זאגען און זיי האבען צוגעזאגט אויסצופאלגען.

אויב אזוי וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה, האט דער חפץ חיים זיי געענטפערט.

אַ איד האט געהאט אפעסעלע ווייז, ווען ער האט געוועלט איהר אויסליידיגען, האט ער אבגעדרעהט דעם קראַן און אין פארלויף פון צעהן מינוט האט זיך דאס גאנצע וויין אויסגעגאסען.

שטעהט דערביי אַ "קלוגער" און גיעט אנ'עצה דעם בעל הבית פון דער פעסעלע, אז ער זאָל מאכען נאך אַ קראַן, וועט זיך די וויין אויסגיסען אין פינף מינוט.

ענטפערט איהם דער ווייגער: עס וואלט געווען פיעל קליגער פון אייך, ווען איהר גיט מיר אַ עצה, ווי אזוי ארויס־צובעקומען פון דער פעסעל מעהר וויין, אבער אויב אז דאס

קענט איהר ניט בעווייזען, טא צוליעב וואס זאל איך מאכען אַ צווייטען קראַן? מיין צייט דערלויבט מיר צו ווארטען נאך פינף מינוט...

און די ברידער האבען גלייך פארשטאנען דעם ענטפער, אז אויב זיי ווילען צו מאכען נאך אַ קראַן צו זייער געשעפט וועט אבער גיט צוקומען קיין ווין אין דער פעסעל, און זיי האבען דעם נייעם וואלד ניט געקויפט.

ווען איך האב באגעגענט איינעם פון די ברידער אין אַ פּאָר יאהר ארום און האב איהם געפרעגט, וואס איז געווארען פון דעם מסחר מיט דעם נייעם וואלד, האט ער מיר געענטפערט, אז זייערער אַ בעקאנטער האט איהם טאקע אבגעקויפט, אבער אזוי ווי דער ווינטער איז געווען אַווארעמער, און קיין ווינטערדיגע שליט־וועג האָט זיך ניט געשטעלט, האט ער ניט געקענט ארויספיהרען דאס געהילץ פון וואלד, און דער ווייל איז אויסגעבראכען די מלחמה און ער האט פארלארען זיין גאנצען פארמעגען.



## 67. האלט שטענדיג מיט דעם שטארקען

עס איז געקומען אַ רב פון אַ דערבייאיג שטעדטעל פרעגען אַ עצה צום חפץ חיים. אזוי ווי אין זיין שטעדטעל האבען די לינקע עלעמענטען בעשלאסען צו עפענען אַ פרייע שולע פאר אידישע קינדער, איז חאטש ער, דער רב, שטערט זיי אין זייער ארבעט, אבער שטארק ארויסגעהן געגען האט ער מורא, ווייל צווישען די פרייע זיינען פאראן שטארקע בעלי בתים, וועלכע העלפען זיי, און ער האט מורא מיט זיי זיך איינצורייסען. וויל ער וויסען, ווי צו האנדלען מיט זיי.

מיין עצה איז גאָר פשוט — האט דער חפץ חיים געענטפערט — מיר אלע ווייסען, אז ווען עס שטעהן אויף רעוואלוציאנערען אויף אַ קייסער, זוכען ביידע צדדים צוצוציהען אין זייערע רייהען וואס מעהר פון זייערע בעקאנטע און אנהייגער. פאראן אבער אויך אזעלכע וואס ווילען שטעהן פון דער ווייטען און ניט אריינגעצויגען ווערען אין דעם קאנפליקט.

ווען אבער עס איז אונמעגליך צו בלייבען נייטראל, דאן בעטראכט מען זיך, ווער פון די קעמפער איז זיכערער מיט דעם נצחון און מיט ייענעם צד געהט מען.

איצט, וואס אנבעלאנגט צו אייער פראגע — האט דער חפץ חיים פארענדיגט זיין עצה — זיינען אויך דאָ פאראן צוויי צדדים. פון איין זייט די לינקע מיט די שטארקע בעלי בתים וואס האלטען מיט זיי, און פון דער אנדער זייט, דער רבש״ע מיט זיין גרויסען מיליטער, לכן דארפט איהר אליין אויס רעכענען, ווער פון די ביידע צדדים איז שטארקער און זיכערער מיט דעם נצחון און מיט דעם צד זאלט איהר געהן.



## 68. אַ למדן נאָר אין לוח

אין אַ דאָרף איז געזעסען אַ איד אַנ'עם הארץ, וועלכער האָט אָבער אויסגעלערענט גוט דעם לוח און האָט געענטפערט אַלעמען אויף זייערע פראַגעס, ווען עס דאַרף זיין ראש חדש, ווען עס פאַלט אויס פסח, ווען ייעדער האָט יאָהרצייט און נאָך אַזעלכע „שאלות״. די דאָרפישע איינוואָהנער האָבען איהם גערופען „דער רבי״. ער האָט זיך שוין אַזוי איינגעוואוינט צו דעם טיטעל, אַז ער האָט געדיינקט, אַז ער איז ווירקליך אַ גרויסער רב.

ביז ער איז איין מאָל אָנגעקומען צו בעזוך אין ווילנע און איז אַריין דאַווענען מנחה אין בית המדרש פון ווילנער גאון. ווען דער עולם האָט זיך געזעצט לערנען אַ בלאַט גמרא נאָך מנחה, האָט זיך דער דאָרפישער „למדן״ צוגערוקט צום טיש, ער האָט געהערט ווי אַלע האָבען זיך מפלפל געווען אין לערנען און ער האָט אַפילו קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען, ערשט דאַן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער איז נאָר אַ למדן אין לוח ביי די דאָרפישע אידען.

דאָס זעלבע איז מיט פיעל איינפאַכע מענשען, וואָס ווערען בעטיטעלט מיט הויכע טיטולים און זיי דיינקען אַז זיי זיינען טאַקע גרויסע לומדים. אָבער ווען די זעלבע וועלען קומען אויף דעם עולם האמת, וועלען זיי אויסגעפינען אַז זיי זיינען גאָר איינפאַכע מענשען.



## 69. דער רב איז שולדיג

אין אַ שטעדטעל אין מינסקער גובערניע האט דער חפץ חיים אנגעטראפען אין מארק אַ גרויסען עולם, וועלכע האבען צוגעקוקט, ווי אזוי מען שיקט אַוועק אַ אידען געשמידט אין קייטען אין סיביר, ווייל מען האט איהם געכאפט מאכענדיג פאלשע געלט.

דער ארעסטירטער האט געבעטען ערלויבעניש פון זיין שומר דעם סאלדאט צושיקען אַ שליח נאכ'ן שטאדטישען רב, מיט וועמען ער האט געוואלט זיך זעגענען.

ווען דער רב איז אנגעקומען האט זיך דער ארעסטירטער געווענדעט צו איהם מיט פאלגענדע ווערטער.

„איהר ווייסט דאך, אז מען שיקט מיר אַוועק אין סיביר, אבער שולדיג אין מיין אומגליק, זייט איהר, דער רב פון שטאדט. ווייל איהר האט דאך געוויס געוואוסט, אז איך האב נאכגעמאכט די געלט, טא פארוואס האט איהר מיר קיין מאל ניט געזאגט, איך זאל עס ניט טאן, ווייל עס סוף סוף וועט מען מיר חאפען. דער חוב פון אַ רב איז צו ווארענען זיינע בעלי בתים וועגען אלעס וואס עס קען מיט זיי פאסירען, און איהר האט מיר ניט געזאגט קיין זאך, דערפאר בין איך אריין געפאלען. און אויב מיין פאמיליע וועט איצט בלייבען אָהן ברויט, וועט איהר, רבי, זיין דער שולדיגער".

היינט איצט לאמיר פארשטעהן די זאַך. אַ מאן וועלכען מען האט פארשיקט אין סיביר אויף עטליכע יאהר שווערע ארבעט, האט געשטראפט דעם רב פאר וואס ער האט איהם ניט געווארענט. קען מען זיך שוין פאַרשטעלען, וויפיעל די בעלי בתים וועלען ווארפען די שולד אויף די רבנים, ווען מען וועט זיי שטעלען צום משפט אין פמליא של מעלה, און מען

וועט מאהנען פון ייעדען ניט פאר איין עברה, נאר פאר אגאנצען פעקעל עברות, און וואוהין מען קען פארשיקט ווערען ניט אויף איין יאהר, נאר אויף אייביג.

איז אויב מען קען ניט אויספיהרען צו ווארענען דעם עולם וועגען אלע זייערע עולות און עברות, דאן דארף מען אַנטלויפען פון רבנות און גלייכער זוכען אַ פאסענדע פרנסה, פון וואס זיך צו מפרנס זיין.

האט מען טאקע געהערט אין די פריהערדיגע יאהרען, ווי אזוי גרויסע רבנים האבען פארלאזען זייערע שטעדט, נאכדעם ווי מען האט ניט אויסגעפאלגט זייערע פארלאנגען.

* * *

אזוי שטעהט אויך אין דער גמרא, אז דער גוף מיט דער נשמה, וועלען ביים יום הדין ווארפען די שולד איינע אויף די אנדערע. דער גוף וועט זאגען, אז די הויפט שולדיגע איז די נשמה, ווייל ווי נאָר די נשמה איז ארויס פון גוף, האט ער אויפגעהערט צו זינדיגען. די נשמה ווידער וועט זאגען, אז זי האט געוויס ניט געזינדיגט, ווייל זי איז דאך אַ הימעלדיגע בעשעפעניש, און דער סוף וועט זיין, אז מען וועט זייביידען משפט'ן צוזאמען, אזוי ווי זיי זיינען געווען ביים לעבען.



## 70. דער שותפות פון גוף מיט דער נשמה

צוויי שותפים האבען געהאט אבגעמאכט צווישען זיך, צו נעהמען פון דעם געשעפט פאר זייערע הוצאות ייעדער די זעלבע סומע. ווען די געשעפטען זיינען געווען ניט צום בעסטען, האבען זיי באשלאסען צו פארקלענערען זייערע אייגענע הוצאות און נעהמען וועהניגער. איין שותף האט אבער ניט געהאלטען דעם אבמאך און האט ווידער גענומען דאס זעלבע ווי פריהער. ווען מען האט אין ענדע יאהר געמאכט דעם חשבון, האט זיך ארויס געוויזען, אז דער שותף האט פאר זיך גאר ניט געקאַרגט, נאר ער האט ניט געלאזען דעם צווייטען שותף נעהמען אזוי פיל וויפיעל ער האט גענומען.

דער מענש בעשטעהט פון צוויי שותפים, דער גוף מיט דער נשמה. דער גוף דארף האבען צום עסען, אַ בגד צום אנטאהן, אַ דירה צו וואהנען. און די נשמה דארף לערנען תורה, מקיים זיין די מצוות, געבען צדקה א. א. וו.

דער יצר טוב מיט דעם יצר הרע דארפען אכטונג געבען, אז דער אבמאך זאל געהאלטען און רעספעקטירט ווערען. אין דער לעצטער צייט איז אבער דאס געשעפט געשלאגען געווארען, מען פארדינט ניט אזוי גענוג און מען מוז שניידען די הוצאות. איז דער גוף וויל ניט הערען פון איינשפאָרען, ער מוז האבען אלע לוקסוסען נאך פיעל מעהר ווי פריהער, אבער וואס אנבעלאנגט צום נפש, צו לערנען תורה אדער געבען צדקה, דא לאזט ניט דער יצר הרע אויס געבען צופיעל, ווײלע די געשעפטען געהען שלעכט.

דערפאר האט די תורה אנגעזאגט, פתוח תפתח, דו זאלסט עפענען דיין האנט, ולא תקפוץ את ידך, זאלסט ניט פארמאכען דיין האנט, זאלסט אוועק געבען דער נשמה דעם זעלבען חלק וואס דו נעמסט פאר דיין גוף, ווײלע זיי זיינען ביידע שותפים.

## 71. כבוד איז קוגעל, מען עסט עס נאר שבת

ווענען די אנגעלעגענהייטען פון זיין ישיבה איז דער חפץ חיים געפאהרען אַמאָל אין מאסקווע. ער האט דעריבער געשריעבען אבריף צו איינעם פון זיינע בעקאנטע, ער זאל איהם בעגעגענען אויפ'ן וואקזאל און אז ער זאל אבער ניט דערצעהלען קיינעם פון זיין אנקומען. ער האט פשוט געוועלט אויסמיידען דעם טומעלדיגען קבלת פנים, מיט דעם גרויסען פאראד.

ווען עס איז בעקאנט געווארען אין שטאדט וועגען זיין אנקומען, האט איהם איינער פון זיינע בעקאנטע געפרעגט, פאר וואס ער האט ניט געלאזען בעקאנט מאכען וועגען זיין קומען ? אלע וואלטען דאך געקומען צום באהן און אבגעגעבען איהם דעם געהעריגען כבוד ?

אבער דער ח"ח האט געענטפערט מיט אַ געלעכטער : איהר עסט דאך געוויס קוגעל שבת. ווי איז אבער, אז עס זאל זיך אייך וועלען עסען קוגעל פרייטאג, וועט אייך זאגען אייער בעל הבית'טע, אז איהר זאלט דערווייל עסען עפעס אנדערס, ווייל קוגעל עסט מען נאר שבת.

כבוד — האָט דער ח"ח פארענדיגט — איז קוגעל און מען בעקומט עס נאר, ווען עס איז אינגאנצען שבת, אויף יענער וועלט.

דער ייעניגער וואס עסט אויף דעם קוגעל פרייטאג, קען איהם חלילה אויסקומען צו הונגערען שבת. און דאס וויל קיינער ניט.



## 72. נעמט ניט קיין מתנות

דער חפץ חיים האט ניט גענומען קיינע מתנות פון קיינעם, אויסער, נאטירליך, פאר זיין ישיבה.

עס איז אמאל געקומען אַ רייכער מאן פון אמעריקע און האט געוואלט לאזען אבעדייטענדען בעטראג אלס מתנה פאר דעם רבי. אבער דער חפץ חיים האט אנטזאגט און האט ניט גענומען.

דער נדבן האט דאן געפרעגט דעם חפץ חיים: רבי, איהר זייט דאך אַ גוטער איד, פאר וואס נעמט איהר ניט קיין פדיון.

דארויף האט איהם דער חפץ חיים געענטפערט: „אַ גוטער איד איז דער וואס גיעט, און ניט דער וואס נעמט".

און ניט נאר קיין מתנות האט ער ניט גענומען, נאר ער האט ניט דערלויבט קיינעם איהם צו בעדינען, אדער טאן עטוואס פאר איהם. און ווען איינער האט אמאל עפעס געטאן פאר איהם, האט דער ח"ח שטענדיג געדיינקט און געווארט איהם אבצודינען ביי אנ'אנדער געלעגענהייט.

ער האט אויך שטארק מכיר טובה געווען די ייעניגע וואס האבען איהם געהאלפען אין זיין עבודת הכלל, צו פארשטארקען דעם כבוד שמים. ער האט אכטונג געגעבען אויף זייער געזונט, זיי זאלען קענען אנגעהן מיט זייער ארבעט. צו דעם שרייבער פון די שורות, האט דער ח"ח געזאגט, צו פאהרען מיט דער באהן נאר צווייטע קלאס, כדי מען זאל זיך קענען בעסער אויסרוהען, ווייל מען דארף דאך טאן שווערע ארבעט פאר החזקת תורה.



## 73 נ׳יט קיין צדיק — א פשוט׳ער איד

פארענדיג אין באהן, פרעגט איינער פון די פאסאזשירען דעם חפץ חיים, פון וואנען איז אַ איד?

— פון אַקליין שטעדטעלע אין ווילנער גובערניע, „ראדין״ הייסט דאס שטעדטעל.

— איהר זייט פון ראדין? רוקט זיך צו דער איד נעהענטער. מען זאגט, אז דארט איז פאראן אַ צדיק, מען רופט איהם דער „חפץ חיים״.

— ער איז ניט קיין צדיק, ער איז אַ פשוטער איד — ענטפערט איהם גלייך דער חפץ חיים.

ווערט דער איד אין כעס אויף די „חוצפה״ פון דעם אידען, וואס וויל ניט אנערקענען די גרויסקייט פון חפץ חיים.

און דער חפץ חיים האלט אין איין איבערזאגען ווידער דאס זעלבע: ער איז ניט קיין צדיק, ער איז אַ פשוטער איד.

די באהן האט זיך אבגעשטעלט אויף אַ סטאנציע און ווען די נייע אַרויפגעקומענע פאסאזשירען האבן דערזעהן דעם חפץ חיים און זיי זיינען צוגעגאנגען נעמען שלום פון רבי, דאן האט דער פאסאזשיר פארשטאנען, אז דער איד וואס האט אזוי „בעליידיגט״ דעם חפץ חיים, איז ניט קיין אנדערער, ווי דער חפץ חיים אליין.

דער פאסאזשיר איז צום בעדויערן געבליעבען אין גרויס פארלעגענהייט, און האט געבעטען דעם חפץ חיים, ער זאל איהם מוחל זיין, פאר וואס ער האט איהם אזוי בעליידיגט, ער האט דאך ניט געוואוסט, האט ער זיך געבעטען, אז ער איז דאס טאקע דער חפץ חיים אליין.

און דער חפץ חיים האט ניט פארשטאנען, פאר וואס דער מאן בעט מען זאל איהם מוחל זיין, וואס האט ער דא געזינדיגט? ער האט געמיינט, אז איך בין אַ צדיק, אבער וויבאלד אז ער האט ניט געוואוסט, איז ער דאך ניט שולדיג, וואָרום סוף כל סוף האט ער זיך דאך דערוואוסט אז איך בין ניט קיין צדיק, איז וואס איז דא פאראן איהם צו מוחל זיין?

## 74. רעדט אידיש צום פוילישען מיניסטער

ווען די ווידער אויפגעשטעלטע פוילישע מלוכה האט ארויסגעגעבען אַ גזרה וועגען מאדערניזירען די אידישע חדרים און תלמוד תורה׳ס, האט דער חפץ חיים אויפגערופען אַ פארזאמלונג פון רבנים און רביים אין ווארשע און ער האט בעשלאסען אליין צו געהן צום מיניסטער און אויסוויר׳קען אז די גזרה זאל בטל ווערען.

און אזוי האָט ער גערעדט צום מיניסטער אידיש:

„מיט 64 יאהר צוריק, ווען פוילען האט געוואָלט זיך בעפרייען פון צארישען יאך, האב איך געזעהן, ווי אזוי מען האט געפיהרט ארעסטירט פוילישע מענשען, בלויז צוליעב דעם איינציגען חטא, ווייל זיי ווילען לעבען ווי פרייע מענשען. איך האב דאן געוויינט און האב געטראכט, אז דער סוף וועט זיין, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק, „והאלקים יבקש את נרדף״, אז דער רבש״ע וועט זיך איינשטעלען פאר דעם געפלאגטען, און איך האב זיך טאקע דערווארט צו זעהן אַ פרייע פוילישע מדינה.

האב איך געדיינקט, אז איהר וועט געדיינקען אייערע יסורים אונטער דעם צאַר און איצט אז איהר זייט אַ פרייע מדינה, וועט איהר ניט דריקען קיין אנדערע. אבער וויבאלד איהר גיט ארויס אזעלכע גזרות אויף אונזערע חדרים און תלמוד תורה׳ס, און איהר ווילט אונז מבטל זיין פון לערנען אונזער תורה, הייב איך שוין אָן מורא האבען, אז איהר זאלט ניט פארלירען אייער זעלבסטשטענדיגע מלוכה, ווארום מיר זיינען דאך איצט די נרדפים, וועט זיך דער רבש״ע איינשטעלען פאר אונז.

און חאטש דער חפץ חיים האט גערעדט אידיש, האט

אבער דער מיניסטער פארשטאנען דעם אינהאלט פון זיינע רייד, וועלכע זיינען טיילווייז איבערגעזעצט געווארען אין פויליש, דורך דעם אידישען סעקרעטאר פון מיניסטער, און האט גלייך צוגעזאגט דעם חפץ חיים צוריק צורופען די פארארדענונג וועגען די חדרים.

אינטערעסאנט איז, אז בלויז זיבען יאהר זיינען פארלאפען פון דעם אינצידענט, און די פוילישע מדינה האט ווידער פארזוכט דעם טעם פון אונטערדריקונג אין דער צווייטער וועלט מלחמה.

אויך אין דער צייט פון דער רוסישער הערשאפט, פלעגט דער חפץ חיים ניט זעלטען פארען אין פעטערבורג, אבצושרייען די גזרות, וואס די רוסישע מיניסטארען האבען ארויסגעגעבען, און שטענדיג זיינען זיינע בעמיהונגען געקרוינט געווארען מיט דערפאלג.

זיינע רייד וואס זיינען ארויס פון די טיפענישען פון זיין ריינע הארץ, האבען שטענדיג געפונען אַ אבקלאנג און האבען געמאכט די געהעריגע ווירקונג. ווי אַ געטרייע מוטער וואס ציטערט איבער איהר בן יחיד, האט דער חפץ חיים שטענדיג געזארגט פאר די אויפהאלטונג פון תורה און טראדיציע, און האט מעהרערע מאהל איינגעשטעלט זיין לעבען און געזונט, ווען ער האט אין זיין טיפען עלטער, אונטערנומען גאר ווייטע רייזעס, אונטער שווערע בעדינגונגען.



## 75. דערלאזט ניט רעפארמירען דאס רבנות

מיט אונגעפעהר 21 יאהר צוריק האט דאס בילדונגס מיניסטעריום אין פוילען פאראָרדענט, אז ייעדער רב זאל מוזען בעקומען אַ בעשטעטיגונג פון אַ רבנים קאלעגיום, וואס די רעגירונג וועט בעשטימען פאר דעם צוועק. דאס האט געמיינט צו רעפארמירען דאס גאנצע רבנות וועזען ביי אידען.

דער חפץ חיים איז באלד געפארען איןווארשע אבצושרייען די דאזיגע גזרה, וועלכע האט געקענט רואינירען דאס ארטהאדאקסישען יודענטהום. דער מיניסטער האט איהם צוגעזאגט אבצורופען די פאראָרדנונג, ער האט אָבער נאכהער ניט מקיים געווען זיין צוזאג.

דער חפץ חיים האט אבער ניט גערוהט, און האט אלארמירט די בעסטע עסקנים און דעפוטאטען אין ווארשע, צו ווירקען מיט אלע כחות אראבצונעהמען די גזרה, וועלכע איז גלייך צו שמד. די כונה פון דער רעגירונג איז צו אסימילירען אלע אידען, און האט דעריבער בעשלאסען אונטער צוגראבען דעם פונדאמענט פון רבנות ביי אידען. ער האט צושיקט בריוו צו אלע איינפלוסרייכע פערזענ־ליכקייטען אין לאנד צו ווערען אקטיוו און אבשרייען די גזרה פון רעפארמירען דאס רבנות.

די ענדע איז געווען, אז די גזרה איז בטל געווארען.



## 76. א מוכר ספרים

אין די אינגערע יאהרען פלעגט דער חפץ חיים אליין ארומפאהרען פארקויפען זיינע ספרים, וועלכע ער האט פארפאסט. ער איז געפארען אין די ארומיגע שטעדטלעך און פלעגט פארקויפען די ספרים לויט די פעסטגעזעצטע פרייזען. ווען איינער האט געוואלט געבען אַהעכערען פרייז, האט ער ניט גענומען. ער פלעגט זיך ניט זארגן אזוי וועגען די שווערע ארבעט פון וואלגערען זיך אין דער פרעמד און טראגען די שווערע פעק מיט די ספרים, נאר זיין הויפט דאגה איז געווען וואס ער מוז בטל'ען פון לערנען, זייענדיג אונטערוועגס.

ער פלעגט דערקלערען זיין בטול תורה מיט דעם מאטיוו, אז וויבאלד ער האט זיך פארשולדיגט אין געלט אויף צו דרוקען די ספרים, מוז ער דעריבער זעהען צו בעצאהלען די חובות, אַ איינפאכער בעל הבית ווען ער בעצאלט ניט קיין חוב איז ער עובר אויף דעם לאו פון „לא תגזול". אבער איינער וואס מען האַלט איהם פאר א למדן איז נאָך עובר דערצו אויף דעם לאו פון „ולא תחללו את שם קדשי", וואס איז פיעל אַגרעסערע עבירה, כמעט די גרעסטע פון אלע עברות אין דער תורה.

ער פלעגט זיך אבהאלטען אפילו פון צו לייהען געלט אויף אויסצוהאלטען די ישיבה לייט. „מען קען ניט טאן קיין מצוות אויף ייענעמ'ס חשבון". זיין לעבענסשטייגער איז געווען, בכלל וואס וועהניגער אָנצוקומען צו די הילף פון מענשען. און די זקנים אין דעם דור האָבען געזאָגט, אז דאָס איז געווען איינע פון די אורזאכען וואס דער חפץ חיים האָט דערגרייכט צו גאָר אַ טיפע עלטער.



## 77. אַ מוסמך פון יצר הרע

**חלול השם איז די גרעסטע עבירה. דאָ ווערט פאררעכענט אַ שוגג אזוי ווי אַ מזיד. אויף די דאזיגע עבירה** העלפט .זאגאר ניט קיין תשובה. און וואס גרעסער דער מענש, **אלס גרעסער איז דער חלול השם.**

**ווען דער יצר הרע וויל ערגעץ וואו מאכען אַ חלול** השם, זוכט ער אויס דוקא אַ גרויסען מענש, אַ רב אָדער אזוי **אַ למדן אַ איד, דורך איהם שאפט ער אַ חלול השם, וואו** אפילו אַ קליינע עולה ווערט פאררעכענט פאר א גרויסע **עבירה.**

און ווען דער יצר הרע קען ניט געפינען קיין ריכטיגען **רב פאר זיין ארבעט, דאן מאכט ער אַ „בלבול" אויף אַ** איינפאכען מענשען, און ער רעדט אלעמען איין, אז ער איז **אַגרויסער רב, אדער אַ למדן, און נאכהער שרייט ער פאר אלעמען,** זעהט וואָס ער האָט געטאן, זעהט וואס פאַר אַ **גרויסען חלול השם** עס איז בעגאנגען אָט דער "רב".

און קיינער פארשטעהט ניט און קיינער ווייס **ניט, אז אט דער „רב" איז גאר אַ איינפאכער עם הארץ, נאר דער יצר הרע האט אים געקרוינט מיט דעם הויכען טיטעל, כדי** צו פאראורזאכען אַ גרויסען חלול השם.



## 78. שבת אלס צייבען

ייעדער בעל מלאכה אדער קרעמער, קלאפט אן אויף זיין געשעפט אַ שילד, כדי די פארבייגעהער זאלען וויסען, וואס מען קען דאָ קויפען. אַ שוסטער מאָלט אויס אַ שוך, און א שניידער — אַ בגד. ווען דער שוסטער אדער שניידער ציהט זיך אריבער אין אַ צווייטע דירה, נעמט ער צו דעם שילד מיט זיך, און ווען איינער געהט פארביי דעם אלטען פלאץ און געפינט ניט מעהר דעם שילד — פארשטעהט ער, אז דער בעל מלאכה האט זיך פון דאנען ארויסגעצויגען.

דאס זעלבע איז מיט דעם הייליגען שבת. אין דער תורה ווערט שבת אנגערופען מיט דעם ווארט „אות", אצייכען, „ביני ובין בני ישראל אות היא". שבת איז דער שילד פון אַ אידיש הויז, ווען דער איד היט שבת, זאגט אויף איהם עדות דער שילד, אז דא וואהנט אַ איד. ווען אבער דער שילד איז אַוועקגענומען געווארען, דאן הייסט עס, אז דער איד האט זיך ארויסגעצויגען, און דערפאר ווערט פאררעכענט שבת פאר די גרעסטע מצוה אין דער תורה, און צוועלף מאל האט די תורה אנגעזאגט, אז מען זאל האלטען הייליג דעם שבת, ווייל דאס איז דער צייכען פון אידישקייט.

אין ווילנע האט מען ארעסטירט אַ רב, וועלכער איז געגאנגען פרייטאג פארנאכט אַנזאגען צו פארמאכען די געשעפטען. ווען דער חפץ חיים האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער דעם רב פשוט מקנא געווען. „אזא גרויסען זכות, צו זיצען אין טורמע פאר דעם כבוד פון הייליגען שבת, הלואי וואלט איך דאס זוכה געווען".



## 79. שבת – די גרעסטע מתנה

דער מנהג איז, אז נאך די תנאים שיקען זיך דער חתן און די כלה מתנות איינע צו די אנדערע. אמאל פאסירט, אז דער חתן מיט דער כלה זיינען אביסעל פון דערווייטען אויך נאך די תנאים, און אנדערע זאגען זאגאר, אז עס איז געווארען אויס שדוך, אבער כל זמן אז זיי האלטען זיך נאך מיט די מתנות וואס זיי האבען איינע די אנדערע געשיקט, איז נאך די זאך ניט אינגאנצען קלאר.

ערשט דאן, ווען די כלה האט צוריק געשיקט צום חתן די מתנה וואס ער האָט איר געשיקט, און מען זעהט שוין ניט מעהר דעם גאלדענעם פינגערעל מיט דעם דימאנט אויף איהר פינגער, דאן פארשטעהן אלע, אז פון שדוך איז גאר ניט געווארען.

דאס זעלבע איז מיט׳ן שבת, די שעהנסטע מתנה וואס דער רבש״ע האט געגעבען דעם כלל ישראל. ווען די אידען טראגען די מתנה און שטאלצירען מיט איהר, דאן הייסט עס אז דער שדוך איז געשלאסען מיט מזל. ווען אבער די כלה, דאס אידיש פאלק, טהוט אויס דאס פינגערעל און שיקט עס צוריק צום חתן, מען הערט אויף חלילה צו היטען שבת, דאן הייסט עס, אז דער בונד צווישען ישראל און דעם רבש״ע איז געווארען אויס. דער שדוך איז אבגעלאזען געווארען. אידען דארפען זעהען ניט אבצולאזען די מחותנ׳שאפט מיט דעם רבש״ע, און האלטען דעם שבת הייליג, דאן וועט דער „מחותן״ דער רבש״ע געבען אונז אלע זיינע ברכות.



## 80. ווייל ניט געמען געלט פון מחלל שבת

זייענדיג אין מאסקווע ווענען די ענינים פון זיין ישיבה, האט איינער געוואלט געבען דעם חפץ חיים פינף הונדערט רובעל פאר זיין ישיבה, אבער דער חפץ חיים האט ניט גענומען. דער נדבן האט געדיינקט, אז עס איז פילייכט ניט גענוג און האט פארדאפעלט זיין נדבה. אבער אויך דאס איז צוריקגעוויזען געווארען.

דאן האט דער חפץ חיים דערקלערט דעם גביר, אז וויבאלד ער, דער נדבן, וויל ווערען אַ שותף צו די ישיבה לייט וואס לערנען תורה, ווילען די ישיבה לייט וויסען, ווער זייער שותף איז. און וויבאלד אז ער האלט אפען זיין געשעפט אום שבת, איז ער ניט דער פאסיגער שותף.

און אָנגעהמענדיג די האנט פון דעם גביר, האט זיך דער חפץ חיים פאנאנדערגעווייינט, און האט גערעדט אזוי ווי צו זיך אליין: ווי אזוי קען מען ניט וויינען, ווען מען פארטראכט זיך, אז אזא שעהנע האנט, וואס וויל געבען צדקה, וועט אבער מוזען ברענען אין דעם גרויסען פייער פון גיהנום.

ערשט דאן האט דער נדבן פארשטאנען, פאר וואס זיין נדבה ווערט ניט אנגענומען. ער האט אבער באלד צוגעזאגט היילינ, צו שליסען פון היינט אָן זיין געשעפט אום שבת. דאן האָט דער חפץ חיים איינגעשטימט און צוגענומען זיין נדבה פאר דער ישיבה.



## 81. וויל ניט בענטשען, קיין מחלל שבת

זייענדיג אין ווילנא מיט בערך 40 יאהר צוריק, זיינען אין זיין אכסניא אָנגעקומען צעהנדליגע מענשען און פארלאנגט ברכות. דער חפץ חיים האט ייעדען געבענשט לויט זיין פארלאנג. בלויז איינעם האט ער זיך ענטזאגט צו בענטשען. עס האבען ניט געהאלפען קיינע בקשות און ער האט ניט געוואלט איהם געבען זיין ברכה.

דער מאן האט זיך דאן געווענדעט צו דעם שרייבער פון די שורות, ער זאל זיך משתדל זיין פאר איהם, אבער אויך מיין השתדלות האָט ניט געהאלפען. דער חפץ חיים האט געענטפערט, אז זיין ברכה וועט ניט ווירקען, אויב דער מאן וועט ניט אָבהיטען שבת ווי דער דין איז.

ווען דער מאן האט דערהערט די ווערטער, איז ער אויסגעבראכען אין געוויין און האט פארשפראכען פון היינט און ווייטער אבצוהיטען דעם שבת אין זיין וואסער מיהל, ווען ער זאל אפילו מוזען ליידען גרויס שאדען. ער וויל נאר געבענשט ווערען, אז זיינע קינדער זאלען זיך ביי איהם האַלטען.

און מיר די אלע אָנוועזענדע האבען זיך געוואונדערט, פון וואנען האט דער חפץ חיים געוואוסט, אז דער מאן האט אַ וואסער מיהל, און וועלכען עס קומט פאר חלול שבת? נישט מעהר, ווילע עס איז ווי עס שטעהט אין תהלים „סוד ד' ליראיו".

אַזעלכע און עהנליכע פאלען זיינען געווען אָפט. און שטענדיג האט מען געזעהען, אז מען האט דעם חפץ חיים מגלה געווען זאכען, וועלכע זיינען פון אלעמען געווען בעהאלטען.

## 82. זיי ווייסען ניט וואס שבת איז

אַ רב פון אגרויסער שטאדט האט איינגעלאדען דעם חפץ חיים צו זיך אין שטאדט צו בעווירקען אויף פאבריקאנטען פון גומי שיך, אז זיי זאלען ניט ארבעטען אין זייער פאבריק אום שבת.

ווען דער חפץ חיים איז אנגעקומען צום רב אין הויז, האט איהם דער רב אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם, וואס די בעלי בתים פון דער פאבריק בעהויפטען, אז אויב זיי וועלען אבשטעלען דאס הייצען פון די אייווענס 2 טעג, שבת און זונטאג, וועט די סחורה ניט ארויסקומען גוט, און זיי וועלען ליידען פיעל שאדען. דארף מען דריבער וויסען, וואס זיי צו ענטפערען.

דערויף האָט דער חפץ חיים געענטפערט דעם רב:

זיי, די פאבריקאנטען, ווייסען זייער געשעפט בעסער פון אונז. אויב זיי האבען פארשטאנען ווי אזוי צו עפענען אזא גרויסע פאבריק, וועלען זיי אויך געפינען אנ׳עצה ווי אזוי די סחורה זאל ניט פארדארבען ווערען. די איינציגע זאך וואס זיי ווייסען ניט, איז דאס וואס שבת בעדייטעט און דאס דארף איך זיי זאגען. אויב זיי וועלען ויסען די גרויסקייט און וויכטיגקייט פון דעם שבת, וועלען זיי שוין געפינען אנ׳עצה צו אלץ, אז זיי זאלען ניט ליידען קיין היזק פון ניט ארבעטען אום שבת.

און דאס האט ער טאקע געטאָן. נאָכדעם ווי ער האָט דערקלערט די פאבריקאנטען די גרויסע בעדייטונג פון שבת, און דעם גרויסען שכר וואס עס קומט פאר היטען שבת, איז די פאבריק געשלאסען געווארען אום שבת.



## 83. חלול שבת איז א קויל אין קאפ

זייענדיג אין ווארשע האט מען דערצעהלט דעם חפץ חיים וועגען דעם חלול שבת ביי די עקספעדיטארען, וואס פיהרען סחורה צו דער באהן. דער ח"ח האט פאררופען אלע עקספעדיטארען אויף אנ'אספה, און האט פאר זיי געהאלטען פאלגענדע רעדע:

אלע ווייסען, אז ווען צוויי מלוכות האלטען מלחמה פאלען אויף די פעלדער פיעל פארוואונדעטע און אויך הרוגים. דאן קומען די קעמפפענדע צדדים צו אַפארשטענדיגונג, אפצושטעלען דאס שיסעריי און געבען אַ געלעגענהייט אויפצוזאמלען די הרוגים און זיי מקבר זיין און די פארוואונדעטע אבצופיהרען אין די האספיטעלער.

דאן געהען ארויס אויף די פעלדער דאקטורים אין בעגלייטונג פון סאלדאטען און מען בעטראכט די פארוואונדעטע. האט ווער בעקומען אַ קויל אין האנט אדער אין פוס און אפילו אין אַ אויג, פיהרט מען איהם גלייך אין אַ האָספיטאָל, עס קען זיין אז מען וועט איהם מוזען אבשניידען אַ האנט אדער אַ פוס, אבער ער וועט בלייבען לעבען.

ווען אבער איינער האט געחאפט אַ קויל אין קאפ, און בלוט גיסט זיך פון איהם, און זיין גאנצער מוח איז צושפאלטען, דעם סאלדאט ווארפט דער דאקטאר אריין מיט אלע הרוגים אין גרוב, ווייל איהם וועט קיין אפעראציאן ניט העלפען, סיידען מען זאל איהם אַרונטערשניידען די קאפ...

דאס זעלבע איז מיט'ן שבת קודש. אין דער תורה זיינען פאראן פארשיידענע עברות. פאראן אַזעלכע וואס

זיינען עובר אויף אַ מצות עשה, פאראן אַזעלכע וואס זיינען עובר אויף אַ לאו, שרעקליכע עברות זיינען זיי, אבער זיי קענען נאך געהיילט ווערען. די עברה אבער פון חלול שבת ווערט פאררעכענט, ווי דינען עבודה זרה, דאס איז אלץ איינס ווי אַ קויל אין קאָפּ, און קיין אַפּעראַציאָן קען אויך ניט העלפען.

דעריבער ראַט איך אייך, האָט דער חפץ חיים פארענ־דיגט, און איך בעט אייך אלעמען, האָט רחמנות אויף אייך און אייערע פאַמיליעס, הערט אויף פיהרען די סחורה צו דער באהן בעפאר ליכט צינדען, פאר דער שקיעה, דאן וועט איהר אלע געבענשט ווערען, ווייל דער זיבעטער טאג, דער טאג פון שבת איז געבענשט געווארען פון רבש״ע אליין, ויברך א׳ את יום השביעי.

און ביי אַן׳אנדער געלעגענהייט האט ער בעוואונדערט די נארישקייט פון די מענשען וועלכע זיינען מחלל שבת. אלע ווייסען, אַז אדם הראשון איז פארשאָלטען געווארען צו ארבעטען זעקס טעג פאר זיין שטיקעל ברויט. דאגעגען דער שבת׳דיגער טאג איז געבענשט געווארען פון רבש״ע אליין. דארף דאָך אַ מענש וואָס האָט שכל, וועלען וואס גיכער ארויסחאפּען זיך פון די זעקס פארשאָלטענע טעג און ארייַן ווארפען זיך אין דעם געבענשטען שבת, וואָס גיכער צו בעקומען זיין ברכה.

גליקליך זיינען די מענשען וואָס פארשטעהען דאָס.



## 84. אַ ביס פון אַ שלאַנג

שבת איז געגליכען צו אַ שעהנעם וויינגארטען, וועלכען מען דארף זעהער אבהיטען. און דערפאר האָבען אונזערע חכמים ארום געצוימט דעם שעהנעם גארטען, אז מען זאל ניט צוטרעטען די פרוכט מיט די פיס אדער גאר ארויס׳גנב׳ענען.

און שלמה המלך זאָגט, „פורץ גדר ישכנו נחש״, אז דער וועלכער צוברעכט דעם צוים, וועט איהם בייסען אַ שלאנג, און דאס מיינט, אז דער וועלכער היט אב די דינים פון שבת ניט צו טאן קיין מלאכה, אבער ער איז ניט אבגעהיט אין די גדרים, וואס די חז״ל האבען ארום געצוימט דעם שבת, איז געגליכען צו איינעם וואס אַ שלאנג האט איהם איינגעביסען אין דעם אונטערשטען טהייל פון זיין פוס, וואס עס קוקט ניט אויס צו זיין געפעהרליך, אבער דער גיפט פון שלאנג ווערט פארשפרייט אין גאנצען קערפער. דאס זעלבע איז מיט די, וועלכע ווילען אריינברייגען ענדע־רונגען און צוברעכען דעם צוים פון פיעל מצוות, און זיי בערעכטיגען זיך דערמיט, וואס זיי זיינען ניט עובר אויף די מצוות פון דער תורה, זיי צוטרעטען ניט די פרוכט פון וויינגארטען, נאר זיי ברעכען איין דעם צוים, אבער דאס איז די זעלבע זאך, ווי דער שלאנג מיט דעם ביס אין פוס.

אזוי פאנגט אן דער יצר הרע שטענדיג מיט קלייניג־קייטען, ביז ער קריכט אריין אין הארץ פון דעם וויינגארטען. ניט נאר די מצוות פון דער תורה וועגען שבת דארף מען אבהיטען, נאר אויך די מצוות וואס די חכמים האבען געהייסען טאן, אזוי ווי דער צוים איז נויטיג פאר דעם גארטען.



## 85. די וועלט איז ניט צום שפילען זיך

אַ סוחר איז געפאָרען צום גרויסען יריד איינצוקויפען סחורה אויף אַ גאַנץ יאָהר, אזוינע סחורה וואס אין זיין שטאָדט קען מען עס ניט בעקומען. קומט צו איהם צו איינער און בעט איהם פארברייינגען מיט איהם א ביסעל, א צווייטער טראָגט איהם אונטער אַ ביכעל צום לייענען אדער עפּעס אנדערס. נאטירליך וויל דער סוחר פון דעם ניט הערען. ווי אזוי וועט ער פארברייינגען די טייערע צייט פון דעם יריד אויף נארישע זאכען. ייעדע מינוט איז איהם דאָ טייער, ווייל פון אָט די סחורה וואס ער וועט דאָ איינקויפען, וועט ער דארף'ן מפרנס זיין זיך און זיין פאמיליע א גאַנץ יאָהר. זאָגט ער נאטירליך צו די לייט, „איהר ווייסט דאָך, אז איך האָב פארלאָזען מיין היים, מיין געשעפט, בין אוועק געפאָרען פאר טויזענט מייל איינצוקויפען סחורה און איהר פארלאנגט פון מיר, איך זאָל זיך פארנעמען מיט נארישקייטען!״.

דאס זעלבע דארף אַ מענש זאגען צו דעם יצר הרע, וועלכער רעדט איין א מענשן צו פארברייינגען זיין טייערע צייט דאָ אויף דער וועלט מיט לייענען ביכלעך און שפּילען זיך אין נארישקייטען און פארברייינגען די צייט אין גאָר נישט קיין וויכטיגע זאכען. די נשמה פון מענש איז אראפּגעגאַנגען טויזענטער מיילען פון די הויכע הימלען אויף דער וועלט איינצוקויפען תורה און מעשים טובים, און מען רעדט איהם איין צו פארנעמען זיך מיט נארישע זאכען, אין די טייערע מינוטען פון דעם מענשענס לעבען.



## 86. איינגענע סחורה ווארפט מען נישט אין טייך

פאראן מענשען, וועלכע געהן איין אויף פשרות אין אידישקייט, און זיי דיינקען אז דערמיט פארהיטען זיי, אז די תורה זאָל חלילה נישט אונטערגעהן. דער אמת איז אבער, אז די תורה אליין איז נישט צופריעדען פון אזעלכע פשרות. און ווען מען געהט מאכען אַ פשרה פאר דער טובה פון דער תורה, מוז מען זיך פריהער בעראטען מיט דער תורה אליין, אויב זי פארלאנגט אזא פשרה.

ווען איינער מאכט פשרות אין אידישקייט און לאָזט דורך וועלכע נישט איז מצוות, איז חאטש ער מיינט גוט, אָבער ער איז געגליכען צו איינעם, וועלכער האָט גענומען סחורה אין קראָם און געווארפען אין טייך. האָבען די אלע וואס זיינען געשטאַנען דערביי געדיינקט, אז דער מאַן איז נישט ביים קלאָרען געדאנק, אבער עס קען גראדע זיין אז ער איז גאָר קלאָר און געזונט, אבער די סחורה מיט דער קראם בעלאנגען נישט צו איהם...

דאס זעלבע איז מיט דעם מאַן, וועלכער ווארפט אראָפ פון זיך אדער פון כלל, אַ מצוה פון דער תורה. דאס בעווייזט, אז די „סחורה מיט דער קראם" בעלאנגען נישט צו איהם.

און אזוי איז דער חפץ חיים געשטאנען שטענדיג פעלזען פעסט אין אלע היגזיכטען, אָהן פשרות און נאכגיביג־קייטען. ער פלעגט שטענדיג דערמאָנען דעם פסוק, וואס אליהו הנביא האט געזאגט צו די פאלשע נביאים, נישט צו שפרינגען אויף צוויי פראנטען, אדער געהט צום רבש"ע, אדער געהט צו דעם בעל. עס מוז זיין אַקלאָרקייט אין אלץ.



## 87. ער ארבעט פאר דער רעגירונג...

אַ מאן וואס פארקויפט צו איינצעלנע פערזאנען, קען ניט אזוי שנעל רייך ווערן, ווי איינער וועלכער פארקויפט אין הורט צו פיעלע פירמעס. דער ייעניגער אבער וועלכער האנדעלט מיט דער רעגירונג, ער איז פאר דער רעגירונג אַ צושטעלער פון מאטעריאלען און פראדוקטען, דער קען רייך ווערען גאָר שנעל.

ווען אַ מאן פיהרט סחורה פון איין לאנד אין אַ צווייטע, מוז ער צאָלען גרעניץ שטייער פאר די אריינגעפיהרטע סחורה. אנדערס איז אָבער ווען איינער פיהרט סחורה פאר דער רעגירונג, מעג ער פיהרען זאגאר גאנצע וואגאנען, צאהלט ער ניט קיין שטייער, ווייל אויף די וואגאנען ווערט אנגעקלעפט אַ צעטעל אז די סחורה בעלאנגט צו דער רעגירונג, איז עס פריי פון ייעדען אבצאהל.

דוד המלך האָט געזאָגט אין תהלים „מעשי למלך" איך ארבעט פאר דער רעגירונג, דעריבער האָט ער פיעל פארדינט. ייעדער מענש דארף זעהן צו ארבעטען פאר דער רעגירונג, פאר וועלכע דוד המלך האָט געארבעט, פאר דעם מלך העולם, פאר דעם קעניג פון דער וועלט, טאָן אלע מצוות און מעשים טובים, דאַן וועט ער שנעל רייך ווערען.

און אזוי פלעגט ער שטענדיג לערנען זיינע תלמידים, צו טאָן אַלץ לשם שמים, ניט פאר דעם אייגענעם נוצען, ניט פאר כבוד אדער געלט, נאר פאר דעם כבוד פון רבש"ע. לערנען תורה נאר לשמה, אנטלויפען פון כבוד ווי פון פייער, דעריבער האט ער זוכה געווען צו די אלע מעלות, וואס נאר דער וואס לערענט תורה לשמה קען זוכה זיין.



## 88. די וועלט איז ניט הפקר

אַ קייסער האָט איינגעפלאנצט אפראכטפולען גאָרטען מיט אלערליי פרוכט בוימער. ער האָט בעפוילען, אז דער גאָרטען זאל בלייבען שטענדיג אפען און אלע זאלען קענען הנאה האבען פון די ריינע לופט און די שעהנע פרוכט.

איינמאָל קוקט דער קייסער דורך די פענסטער פון זיין פאלאַץ און זעהט, ווי אזוי איינער האָט געמאכט אַ לאָך אין דעם צוים פון גאָרטען. דער קייסער האָט איהם אבער גאָרנישט געזאָגט. דעם צווייטען טאָג האט דער קייסער ווידער געזעהן, ווי אזוי דער זעלבער מאַן האָט ארונטערגענומען פרוכט פון די ביימער און האָט עס איינגעפאקט אין אזאק אויף מיטצונעהמען. אויך דאס מאָל האט דער קייסער פארשוויגען. אַ דריטען מאל האט שוין דער מאן איגנאנצען אבגעהאקט אַ צווייג פון בוים און מיטגעטראגען צו זיך א היים. דאָס מאָל האט עס דעם קייסער שטארק געערגערט, אבער ער האט ווידער אמאָל געשוויגען. ער האט זיך געטראכט, ער וועט זיך פון זיין שטראף ניט אויסדרעהען.

ווען דער מאן האט געזעהן, אז אלץ איז איהם אריבער גלאט און אומגעשטערט, האָט ער גענומען אויסרייסען אַ בוים מיט׳ן ווארצעל, אבער ווי נאָר ער האט אנגעפאנגען גראבען אונטערן בוים, האָט דער קייסער גלייך בעפאהלען צו ארעסטירען דעם מאן און געבען איהם די פארדינטע שטראף.

דער שעפער פון דער וועלט האָט בעשאפען אַ שעהנע וועלט, האָט אריין געגעבען אין איהר אַ תורה מיט מצוות. ייעדער מענש קען לערנען די תורה און הנאה האבען פון איהר חכמה.



עס זיינען אבער פאראן מענשען נארישע, וועלכע צוערשט מאכען זיי לעכער אין דעם צוים, נאכהער נעמען זיי אוועק די פרוכט, טרעטען מיט די פיס אויף די מצוות, שפעטער רייסען זיי אויס מיט׳ן ווארצעל דעם פונדיישען פון אידישקייט, ניטא קיין שבת, ניטא קיין פסח און נאָך עהנליכע זאכען.

אבער די ענדע וועט זיין, אז דער קייסער וועט בעפעהלען צו בעשטראָפען די שולדיגע, פון איהם קען זיך קיינער ניט בעהאלטען.

דעריבער דארפען מענשען אכטונג געבען אויף די גוטע פרוכט פון די בוימער, אבהיטען די תורה און מצוות, און אפילו דעם צוים, דאס מיינט, די אלע מצוות וואס אונזערע חכמים האבען געהייסען טאָן, און וועלכע דיענען ווי אַ צוים צו די מצוות פון דער תורה. ווייל ווי נאָר מען מאכט אַ לאָך אין צוים, אזוי שטעלט מען שוין אין געפאר דעם גאָרטען מיט די פרוכט.

און די וועלכע היטען אב די גאנצקייט פון דער תורה און זיינען מקיים איהרע מצוות, וועלען פאררעכענט ווערען פאַר די בעסטע פריינד פון דעם רבש״ע, און וועלען געהעריג בעלוינט ווערען.



## 89. מען טאָר ניט פאַרגעסען פון וואַנען מען קומט

אַ מאַן איז אוועקגעפאָרען אין אפריקע און האט זיך בעשעפטיגט מיט פאַרקויפען חלב. אין ייענער מדינה איז דאס אַ טייערער ארטיקעל, צוליעב די גרויסע היצען און שוואַכע געוויקסען פון גראָז, זיינען די בהמות מאָגערע, און חלב איז אַ זעלטענער ארטיקעל.

אין יאָהרען ארום האט איהם זיין פרויא אָנגעהייבען שרייבען, ער זאל שוין קומען צוריק אַהיים, ווייל מען דאַרף שוין חתונה מאַכען אַ קינד. ער האט דעריבער בעשלאָסען איינצוקויפען אַ גרויסען קוואַנטום חלב אויף מיטצונעהמען אַ היים...

ער האט שוין זיין סחורה אבגעשיקט צום שיף און האט זיך געגרייט צו דער רייזע. אַ מאַן וואס האט געהאַנדעלט מיט גאָלד און דיימאָנדס האט איהם אָנגעבאָטען צו קויפען אַ דיימאָנדענעם רינג פאַר זיין טאָכטער און אַ גאָלדענעם זייגערעל פאַר זיין פרויא. ער האָט אבער ניט געוואָלט הערען פון דעם, ווייל ער האט זיין גאַנצען קאַפּיטאַל אריין געלייגט אין די חלב, אבער ענדליך האט ער איינגעשטימט און האט געקויפט די דאָזיגע מתנות.

ווען ער איז אָנגעקומען אין דער אלטער היים, איז די גאַנצע שטעדטעל ארויס מקבל פנים זיין דעם גרויסען „גביר" פון אפריקע. די פרויא מיט די קינדער האבען געוואַרט ביז מען האט אויסגעלאָדען די שווערע קאַסטענס מיט דעם חלב, אבער דער גאַנצער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, ווייל זיי האבען ניט געקענט ליידען דעם שלעכטען גערויך וואָס האט זיך געהערט פון די אלטע פאַרשימעלטע חלב.

די פרויא וועלכע האָט געוואַרט אונגעדולדיג אויף איהר

מאַן און האָט געזעהען ווי מען שלעפט די שווערע קאסטענס חלב. האָט זיך ניט געקענט צוריק האלטען און האָט אָנגעהייבען שרייען צו איהר מאַן: משוגע׳נער מענש, וואוהין האסטו געבראכט די חלב? ביי אונז אין שטעדטעל קענסטו איינקויפען דיינע אלע קאסטענס פאר קליין געלט. דו האָסט געדארפט פארקויפען דיין סחורה דאָרט אין אפריקע און פאר דאָס געלט האָסטו בעדארפט בעסער איינקויפען גאָלדענע פינגערלעך און זייגערלעך, וואָס דאָרטען איז דאס זייער ביליג.

דער מאַן האט זיך שטארק געערגערט אויף זיין גרויסע נארישקייט, וואס ער האט אריינגעלייגט זיין גאנץ פערמעגען אין די ביליגע חלב, און האט איצט ניט פון וואס צו מפרנס זיין די פאַמיליע. ער האָט גאָר פארגעסען, אז חלב איז אנ׳ארטיקעל אין אַפריקע, אבער ניט אין זיין היימישע שטעדטעל אין יוראפ.

אליינגערע צייט האָט די פאמיליע געצויגען פרנסה פון דעם דיימענטענעם רינג און דעם גאלדענעם זייגערל, וואס ער האט איינגעהאנדעלט ביים געהן צום שיף.



דער מענש, ווען ער קומט אויף דער וועלט, דיינקט, אז דאס בעסט געשעפט איז צו האנדלען חלב, עסען און טרינקען און ער וויל ניט איינקויפען די טייערע דימענטען און גאָלדענע זייגערלעך, די תורה און מצות, און ווען זיין צייט קומט צו פארלאזען די וועלט און אריבער פעקלען זיך אַהיים, דיינקט ער אז פון די חלב וועט ער זיך דערנעהרען דארט, אבער ענדליך זעט ער זיך ארום, אז דאס ביסעלע תורה און צדקה וואס ער האָט זיך דאָ איינגעקויפט, נאָר דאָס איז איהם געבליעבען, און פון דעם וועט ער זיך דארפען ערנעהרען אין זיין לאנגע אייביגקייט.

## 90. אויסערליכע בעפוצונג איז ניט אינעדרליכע צופרידענהייט

די פאלגענדע מעשה אילוסטרירט אמבעסטען, דעם אונטערשייד צווישען דעם ריכטיגען ארטהאדאקסישען איד און דעם רעפארמער.

צוויי שוועסטער האבען געהייראט, איינע פאר זעהר א רייכען און די צווייטע פאר אַ גרויסען אָרעמאן. די אָרעמע שוועסטער האָט אַמאָל בעזוכט די רייכע, און האט שטארק בעוואונדערט איהר בלאסען געזיכט און איהר אומעדיגע שטימונג. זאג מיר, טייערע שוועסטער, האט די אָרעמע געפרעגט די רייכע, זאג מיר נאר, פארוואס ביזטו אזוי פארזארגט? דאכט זיך עס פעהלט דיר ניט קיין זאך. דו זיצט אין רייכע פאלאצען, דימענטענע פינגערלעך אויףביידע הענט, ביזט אָנגעטאן די בעסטע זיידענע קליידער, בעדינער שטעהן דיר צום דינסט, אזוי ווי דו וואלסט געווען דעם קייסערס ווייב, און לסוף קוקסטו אויס אזוי קרענקליך, אומעדיג, פארזארגט.

און די רייכע שוועסטער האט מיט טרעהרען אין די אויגען איהר געענטפערט:

עס איז טאקע אזוי ווי דו זאגסט, עס פעהלט מיר קיין זאך ניט, אבער... אבער עס געהט מיר ניט איין מיינע אלע פארגעניגענס, ווייל מיין מאן רעכענט זיך ניט מיט מיין מיינונג. איך בין ביי איהם גלייך צו מיין דינסט. עס טרעפט צייטען, ווען ער שרייט אויף מיר און פארשעמט מיך פאר מיינע אייגענע בעדינער.

איך דיינק, אז דיר מיין שוועסטער איז פיעל בעסער, חאָטש דו האסט ניט קיין רייכע פאלאצען און דימענטען

אויף דיינע הענט. דו קוקסט אבער אויס צו זיין מעהר צופריעדען, ווייל דיין מאן רעספעקטירט דיר, ער רעכענט זיך מיט דיין מיינונג, ער גיעט דיר אב דעם געהעריגען כבוד, דערפאר ביזטו צופריעדען. אבער איך, ביטער איז מיין גורל, ווי אַ דינסט האלט ער מיר און איך קען ניט עפענען מיין מויל.

דאס זעלבע איז אויך מיט אונזער הייליקע תורה. פאראן מענשען וואס טהוען איהר אַנקליידען זיידענע מענטעלעך מיט דימענטען און גאלדענע גלעקלעך, מען שטעלט איהר אריין אין אַ גאלדענעם ארון קודש און שעהנע מנורות לייכטען פון אלע זייטען.

אבער די תורה אליין איז פארטרויערט, ווייל מען רעכענט זיך ניט מיט איהר. זיי זיינען מחלל שבת, זיי עסען טרפות און טרעטען די תורה מיט די פיס. די תורה שרייט צו זיי, נעמט פון מיר אראב אייערע צירונגען אבער הערט זיך איין צו מיינע רייד, טרעט מיר ניט מיט די פיס.

נאר די אָרעמע עהרליכע קהלות, וועלכע קענען טאקע ניט בעפוצען די תורה אויסערליך, אבער זיי גיעבען איהר אב כבוד, פאלגען אויס איהרע געבאטען און רעכענען זיך מיט איהר מיינונג, ביי זיי איז די תורה צופריעדען און פרעהליך.

ווען מען וויל ריכטיג פרעהליך מאכען די תורה, דארף מען איהר צופרידענשטעלען דורך אבהיטען איהרע געבאטען. אין די פיער איילען פון הלכה, איז די תורה פיעל מעהר צופריעדען, ווי אין די גרויסע אויסגעפוצטע טעמפלען פון די וועלכע האלטען ניט פון איהרע געבאטען.

## 91. קראנק אויף די אויגען

פאראן מענשען וואס דיינקען, אז אונזער תורה דארף אויסגעבעסערט ווערען לויט די פאָדערונגען פון דער צייט, און אין דער אמת'ן דארף מען גאר זיי פיהרען צו אַ דאקטאר, צו בעטראכטען זייערע אויגען, אויב זיי זעהען ריכטיג.

עס איז אַמאָל געלאפען אַ מאן און געשריען, אז די גרויסע הויז וואס שטעהט אין מיטען מארק טרייסעלט זיך און האלט ביים איינפאלען, זיינען זיך אלע צולאפען פאר שרעק.

אַ פארבייגעהער פרעגט דארט איינעם, פאר וואס מען לויפט, און מען האט איהם אָנגעוויזען אויף דעם מאן, וואס שרייט אז די הויז פאלט באלד איין.

„רופט אַ אויגען דאקטאר! שרייט אויס דער פארביי־געהער, דער מאן מוז זיין קראנק אויף זיינע אויגען. ווארום גלויבט איהר דען אין אַ זעלכע נאַרישקייטען, אז די פעסט געבויטע הויז, וועלכע שטעהט שוין אזוי לאנג זאל מיט אַמאָל האלטען ביים איינפאלען? דער מאן וואס שרייט איז נעבעך קראנק אויף די אויגען, עס דאכט זיך איהם אויס, דעריבער שרייט ער.

די תורה איז אַ פעסט אויסגעבויטער בנין לויט דעם פלאן פון דעם ארכיטעקט פון דער וועלט, דער בורא עולם, און זי איז „עומדת לעד", עס פאדערען זיך ניט קיינע אויסבעסערונגען.

נאר די ייעניגע וואס דיינקען, אז היינט קען מען זיך ניט אויסלעבען על פי התורה, זיינען קראנק אויף די אויגען, און זיי דוכט זיך, אז די תורה איז געווארען שוואך.



## 92. דער געבער פארדינט מעהר

**די גרעסטע שטראף פאר דעם נדבן וואלט געווען, ווען די ישיבה לייט וואָלטען ניט אָנגענומען זיין נדבה.**

עס האט זיך אַמאל געגרינדעט אין רוסלאנד אַ מאָדערנע ישיבה, וואס דער חפץ חיים האט ניט געגליכען איהר סדר הלמוד און די גאנצע הנהגה. דער חפץ חיים האָט בעצייטענס אנגענומען די געהעריגע מיטלען אז די דאזיגע ישיבה זאָל ניט געגרינדעט ווערען, ווייל ער האָט געזעהען אין דעם אַ טריט צו רעפארמירען דעם ענין פון ישיבות חלילה, און ארייננבריינגען אין זיי אַ מאדערנעם גייסט. די דאָזיגע ישיבה איז אבער געשטיצט געווארען פון אַ בעקאנטען גביר אין רוסלאנד.

דאַן האָט דער חפץ חיים געזאָגט, אז ער וועט שרייבען צו אט דעם גביר און איהם אויפקלערען, אז מען טאר ניט שטיצען אזא ישיבה. אין פאל דער גביר וועט זיך אנטזאגען איהם צו פאלגען, דאן וועט ער שרייבען צו אלע ישיבות, אז זיי זאלען צוריקווייזען די נדבות פון דעם דאזיגען גביר. און דאס וועט זיין די גרעסטע שטראף פאר דעם נגיד, אז ער וועט ניט קענען זיין קיין שותף צו די לומדי תורה...

ווייל דער וועלכער שטיצט מיט זיין געלט דעם ישיבה מאן, דער פארדינט פיעל מעהר פאר דעם לערנער. ער באקומט פאר זיינע קופערנע מטבעות אַ חלק אין אייביגקייט, און דער למדן בייט אויס אַ חלק אין אייביגקייט פאר עטלעכע קופערנע מטבעות...



## 93. אין א צייט פון הונגער פארדינט מען מעהר

אין אמאָליגער רוסלאנד, ווען ייעדער האט געהאט איבער גענוג צום עסען, האט פאר דעם חפץ חיים זיך בעקלאגט אַ גרויסער תבואה הענדלער, אז חאָטש ער פאר־קויפט צעהנדליגע וואגאנעס מיט ווייץ פאר די גרויסע מיהלען דאך פארדינט ער ניט גענוג. די סבה איז, ווייל עס איז פאראן פיל ווייץ און די קונים געפינען שטענדיג אַ חסרון, די ווייץ איז ניט גענוג ווייס, די אנדערע איז ניט גענוג טרוקען, און דערצו פארלאנגען זיי אַ קרעדיט פאר פיעלע מאָנאטען.

ווען די רעוואלוציע איז אויסגעבראכען און מען האט איינגעפיהרט ברויט קארטען, און ייעדער מענש האט בעקומען בלויז איין פונט ברויט אַ טאג אויף זיין קארטע, האט זיך דער זעלבער סוחר ווידער אַמאָל אויפגעטראפען מיטען חפץ חיים. דאס מאָל האט זיך שוין דער סוחר ניט בעקלאגט, נאר אדרבה, ער האט געזאגט, אז די לעצטע צייט איז גראדע זיין געשעפט געווארען בעסער.

אבער ווי איז דאס מעגליך — האט דער חפץ חיים געפרעגט דעם סוחר — ווי אזוי איז דאס מעגליך, אז אין אזא הונגער לאגע, ווען קיין ווייץ קריגט מען גאר ניט צו קויפען און קוים וואס מען בעקומט דעם שווארצען פונט ברויט אַ טאג, אז גראדע איצט האט זיך די לאגע פאר־בעסערט ?

און דער סוחר האט זיך איצט אראבגערעדט אַ ביסעל פון הארצען. פארשטעהט איהר מיר, טייערער רבי, אז איצט קוקען ניט די מילנער אויף די ווייץ, אויב זיי זיינען

ווייס אדער שווארץ, טרוקען אדער נאס. זיי פארלאנגען נאר, מען זאל זיי צושטעלען ווייץ, און צאהלען מזומן פאראויס. זיי ווייסען, אז היינט איז אונמעגליך צו קריגען ווייץ, צאהלען זיי די פארלאנגטע פרייזען. און חאטש איך פארקויף דאך איצט פיעל ווייניגער ווי אַמאָל, פונדעסטוועגען פארדין איך פון די ביסעלע מעהר ווי אַמאָל פון די פולע.

היינט איצט זאלען מיר זיך אפלערנען אַ מוסר השכל פון די ווייץ, האט דער ח״ח געזאגט. אין אַמאָליגע יאָהרען, ווען די בתי מדרשים זיינען געווען איבערפולט מיט לומדים, און די ישיבות — מיט תלמידים, האט דער רבש״ע פארלאנגט נאר גוטע סחורה, תורה וואס ווערט געלערענט לשמה, אַ דאווענען מיט כונה, און ער האט בודק געווען ייעדע מצוה, אויב זי איז געטאן געווארען כדין. ניט קיין ריכטיגע תורה און מצוות האט מען אין הימעל ניט אָנגענומען. אבער היינט, אז די צאהל פון די לומדים איז קליין געווארען, און אפילו די וועלכע געהען אין שוהל דאווענען זיינען זעהר וועהניג, אין אזא הונגער צייט קוקט מען ניט אין די קוואליטעט פון די סחורה, און מען קען היינט פארדינען פון די ביסעלע מעהר ווי אַמאָל פון די פולע.



## 94. מיליטער דינסט אין שלום און מלחמה

ייעדער בירגער איז פארפליכטעט צו זיין גרייט צו פארטהיידיגען די מדינה אין אַ צייט פון מלחמה. דעריבער איז איינגעפיהרט געווארען מיליטער דינסט אין צייט פון שלום, וואו ייעדער בירגער ווערט איינגעאיבט אין מיליטער צו קענען העלפען דער מדינה אין צייט פון מלחמה.

די צייט פון די דאזיגע איבונגען איז בעגרעניצט, בלויז פאר אַ געוויסער צייט, אויך די עלטער ווערט גענומען אין בעטראכט. בלויז די יוגענטליכע ווערען גערופען צו מיליטער דינסט.

דאס אלץ איז נאר אין אַ צייט פון שלום, ווען אבער עס ברעכט אויס אַ מלחמה, דאן ווערען אלע גערופען, ניט נאר די יונגע, נאר אויך עלטערע ווערען מאביליזירט און אויף גאנצע טעג און נעכט, סיי ארעם און סיי רייך, אלע ווערען גערופען אין מיליטער צו פארטהיידיגען דאס פאטערלאנד.

דאס זעלבע איז מיט דער מלוכה פון דער וועלט. ייעדער מענש איז מחויב צו בעשטימען אַ צייט פאר לערנען תורה. זאגאר דער ארבעטער, און אפילו אַקראנקער, אלע זיינען מחויב צו בעשטימען אַ צייט אין טאג צו לערנען תורה. אבער דאס איז נאר אין אַ צייט פון שלום, ווען אבער עס ברעכט אויס אַ מלחמה אויף דעם רבש״ע מיט זיין תורה, דאן זיינען מיר אלע סאלדאטען אויף שטענדיג, און מען מוז זיך ווידמען אינגאנצען צום למוד התורה, און ייעדער דארף טאן וואס ער קען צו פארטהיידיגען די מדינה און דעם כבוד פון דעם מלך מלכי המלכים.



## 95. פענסטער קאסטען איהם מעהר פון ישיבות

אַ רייכער אבער אַ קארגער מאן האט זיך אַמאָל אַראָבגערעדט פון הארצען פאר'ן חפץ חיים, אז ער גיט פאר צו פיעל ישיבות, און האט אויסגערעכענט, אז פאר אלע ישיבות צוזאמען, טהיילט ער אויס צוועלף רובל אַ יאָהר.

פרעגט איהם דער ח״ח, און וויפיעל קאסטען אייך די פאָרהאַנקעס (גארדינען) וואס הייגען אויף די פענסטער, ביי אייך אין הויז?

— פינף און צוואנציג רובל אַ פענסטער, איז געווען דער ענטפער.

און וויפיעל פענסטער האט איהר אין אייער הויז?

— זעקס.

הייסט עס אז אויף די בעפוצונג פון די זעקס פענסטער האט איהר אויסגעגעבען הונדערט און פופציג רובל, און אויפצוהאלטען דעם כבוד פון רבש״ע און זיין תורה, וואס דאס איז אונזער לעבען, כי הם חיינו ואורך ימינו, אויף דעם האט איהר זיך בענוגענט, נאר מיט צוועלף רובל?

הייסט עס אז אייער צייטווייליגע פענסטער זיינען ביי אייך טייערער ווי אונזער אייביגע תורה ומצות!

דעם זעלבען רעכענונג דארף אַמענש מאכען, וויפיעל עס קאסט איהם די אויסהאלטונג פון זיין גוף, זיין דירה, זיין עסען און קליידונג און פארוויילונגען, און וויפיעל ער איז אַ בעל הוצאה אויף זיין נפש, וויפיעל עס קאסט איהם ישיבות, תלמוד תורה און אנדערע צדקות. ער דארף בעטראכטען די נשמה פאר אַ גלייכען שותף מיט זיין גוף.



## 96. דער מענש איז ניט קיין בעל הבית אויף זיך

עס האט איינער אָנגעשטעלט אַ לעהרען אינגעל אויסצולערנען זיך די מלאכה פון שניידעריי. נאטירליך צאהלט אזא אינגעל נאך צו אַ ביסעל, פאר דעם וואס מען לערענט איהם די מלאכה.

מיט דער צייט האט זיך דער בחור אויסגעלערענט גוט דעם פאך און האט געמאכט אליין אַ שטיקעל ארבעט. ער האט דאן פארלאנגט פון זיין בעל הבית דעם שניידער בעצאהלט, אזוי ווי ייעדער בעקומט פאר אזא ארבעט.

דער שניידער האט אָבער אבגעענטפערט זיין לעהרען אינגעל, „זיי וויסען, בחור'ל, אז דו קענסט ניט בעקומען דעם זעלבען פרייז ווי אַ צווייטער בעל מלאכה, ווייל די מאשין אויף וועלכע דו האסט גענייט איז מיינע, די באוועל — מיינע, די הויז און בעהייצונג — מיינע, די עלעקטרישע בעלייכטונג און דער פרעס אלעס איז מיינע. דו ביסט נאך ניט ארויס פאר זיך”.

דאס זעלבע איז מיט דעם מענש, וואס וויל פארווענדען זיין צייט און זיין קאפּ אויף צו לערנען פרעמדע חכמות, ניט די חכמה פון דער תורה, צו איהם זאגט דער רבש"ע, זיי וויסען, אז די צייט איז מיינע, דער טאג און די נאכט געהער צו מיר, דיין מויל, די אויגען, דער שכל, אלס געהער צו מיר, דו קענסט עס ניט פארווענדען אויף וואס דו ווילסט.



## 97. צו וועלכע חברה זאל מען בעלאנגען!

עס זיינען דאך פאראן אזוי פיעל חברות און ארגא־ניזאציעס, ניט נאר פרומע און פרייע, נאר אפילו צווישען די פרומע אליין זיינען דא פארשיידענע, צו וועלכע פון זיי זאל אַ איד בעסער בעלאנגען?

אָט די פראגע האט אַמאָל געפרעגט איינער דעם חפץ חיים.

„איך ווייס נאר איין זאך — האָט דער ח״ח געענטפערט — אז מען וועט קומען אויף ייענער וועלט, וועט מען ניט פרעגען, אויב דו האָסט בעלאנגט צו דער חברה, אדער צו ייענער ארגאניזאציע, נאר מען וועט אַוועקלייגען אַ ספר תורה און מען וועט פרעגען „קיימת מה שכתוב בה״? האָסט אויסגעפאלגט אלץ וואס דא שטעהט געשריעבען? אז מען וועט קענען ענטפערען „ייע״ וועט מען הייסען געהן אין גן עדן, און ווען חלילה ניט, וועט מען הייסען קריכען אין פייער״.

און אַ גרויסען טעות מאכען די ייעניגע, וואס דיינקען, אז דער חפץ חיים איז געווען אַ פארטיי מענש. ער איז געווען דער תורה־מענש, דורכגעדרונגען נאר מיט דעם גייסט פון תורה לשמה, און אין דעם ליכט האט ער ענט־שיידען אלע פראבלעמען, וואס זיינען אַרויפגעשוואומען אין אידישען לעבען.

און אזוי פלעגט דער חפץ חיים זאגען, אז אויסער די גרויסע מצוה פון למוד התורה, וועלכע איז גרעסער פון אלע מצוות, איז פאראן נאך אגרויסער ענין אין דעם, וואס דער מענש מאכט איבער זיין קאָפּ, זיין מחשבה, פאר אַ תורה׳דיגע קאָפּ, און ער קען ענטשיידען אלע פראבלעמען פון לעבען אין דעם ליכט פון דער תורה.

## 98. אַ פולע קראם מיט קונים און ער לערענט

אַ גרויסער סוחר איז געווען שטענדיג בעשעפטיגט אין קראם און האט אפילו ניט געהאט קיין צייט צו געהן אין בית מדרש דאוונען.

אויף די עלטערע יאָהרען האט ער זיך ארומגעזעהן, אז עס איז גאר קיין תכלית ניט, מען מוז עפעס אָנהייבען צוגרייטען צו דעם לאנגען וועג, האט ער בעשלאסען, ייעדען טאג צו געהן דאוונען אין בית מדרש און נאכ'ן דאוונען זיך זעצען לערנען אויף צוויי שעה.

ווען ער איז נאכהער געקומען אין געשעפט און זיין פרויא האט איהם געפרעגט, פאר וואס ער האט פאר־שפעטיגט, האט ער געענטפערט, אז ער איז געווען פאר־נומען און האט ניט געקענט קומען פריער.

צו מארגענס, די קראם איז פול מיט קונים און איהר מאן איז ניטא איהר צו העלפען. געהט זי אַוועק אין שוהל, זעהן וואס מיט איהם האט פאסירט. ערשט זי זעהט ער זיצט ביי אַ גמרא און לערנט.

משוגע ביזטו, אדער וואס? האט זי אָנגעפאנגען אויף איהם צו שרייען. די קראם איז פול מיט קונים און ער זיצט זיך און לערענט. מיך הארט שוין ניט אזוי דער היזק פון פדיון, אבער מען קען דאך ניט ארויסטרייבען קיין קונים פון קראם.

אבער דא האט זי בעקומען דעם ריכטיגען ענטפער פון איהר מאן: הער זיך צו מיין ווייב — האט דער מאן

איהר געזאגט — וואס וואלסטו געטאן, ווען צוםביישפיעל, דער מלאך המות קומט צו מיר און זאגט, עס איז געקומען דיין צייט צו געהן מיט מיר. וואלסטו איהם דאן געקענט זאגען, אז איך האב איצט ניט קיין צייט, עס איז אַפולע קראם מיט קונים? אלזא זאָל דיר איצט אויך אזוי דאכטען, אז איך בין געשטארבען, און וואס פאר אַ שאדען וועסטו האבען, ווען אין דריי שעה ארום וועל איך ווידער ווערען לעבעדיג און קומען דיר העלפען אין קראם?

אלזא ווען אַ מענש וויל באמת לערנען תורה, דארף ער זיך מאכען ווי ער איז אין דער צייט געשטארבען „אדם כי ימות באוהל" און ווען מען רופט אַמענשען שטארבען, קען ער ניט אבשטופען אויף שפעטער, ווייל ער האט איצט ניט קיין צייט. נאר דאן קען אַמענש לערנען און מקיים זיין די תורה, אויב ער וועט אזוי טאן.



## 99. רבנים פארלענגען דאווענען מנחה

אויף אַ פארזאמלונג פון רבנים און ראשי ישיבות אין ווילנע, האט מען בעטראכט פלענער ווי אזוי אויפ־צוהאלטען דעם עקזיסטענץ פון די ישיבות אין ליטע. די אספה האט זיך פארצויגען ביז שפעט פארנאכט, ווען די זון האט שוין געהאלטען ניט ווייט פון פארגעהן.

אייניגע פון די רבנים אנוועזענדע, האבען אויפ־מערקזאם געמאכט דעם פרעזידיום, אז עס איז שוין די שפעטסטע צייט צו דאווענען מנחה.

דער חפץ חיים איז אבער בעשטאנען, אז די זיצונג זאל פארטגעזעצט ווערען און האט זיך אָבגערופען: „מנחה ווילט זיך זיי דאווענען! מיר זיצען און זוכען מיטלען און וועגען, ווי אזוי עס זאל ניט אויסגעהן דער כבוד שמים און זיי ווילט זיך גאר אין מיטען מנחה דאווענען".

ענדליך האט מען געמאכט אַ הפסקה און מען האט געדאווענט מנחה. נאך מנחה האט דער גאון ר' חיים עוזר גראדזענסקי זצ"ל, געזאגט, אזביידע צדדים זייגען גערעכט. דער דין איז דאך, אז „עוסק במצוה פטור מן המצוה", ווען איינער טהוט איין מצוה איז ער פטור פון צו טאן אין דער זעלבער צייט אַ צווייטע מצוה. דער חפץ חיים איז טאקע געווען פטור פון דאווענען מנחה, ווייל ער איז געווען ארייגגעטאן אין דער מצוה פון דער אספה צו אויפהאלטען תורה ביי אידען. די ייעניגע וועלכע האבען פארלאנגט מען זאל ייצ דאווענען מנחה, זיינען מסתמא ניט געווען קיין עוסקים במצוה אין דער זעלבער מאס ווי דער חפץ חיים.

האבען זיי טאקע געדארפט דאווענען מנחה...

## 100. מען טראגט זיין אויטאמאביל אויף די הענד

ווען דער חפץ חיים איז אָנגעקומען אין גראָדנע צו דער קאָנפערענץ פון דעם ועד הישיבות, זיינען איינינע טויזענד מענשען געקומען צום וואקזאל צום קבלת פנים. די פאליציי האָט געהאלטען אָרדענונג, און טראָץ דעם האט דער עולם געטראגען אויף די הענט דעם אויטאָמאָביל, אין וועלכען דער ח״ח איז איינגעשטיגען צופארען אין שטאדט.

ער האט דאן געפרעגט דעם שרייבער פון די שורות, צוליעב וואס איז זיך דא צוזאמענגעקומען אזא גרויסער עולם? און ווען איך האב איהם געענטפערט, אז מען איז זיך צוזאמענגעקומען איהם מקבל פנים זיין, האט ער מיט פארוואונדערונג געפרעגט: מיט וואס בין איך דען אנדערש פון אלע אנדערע מענשען אויף דער וועלט? איך בין דען מיט הערנער אויפ׳ן קאפ? און וואס איז פאראן בכלל צו געהן אָנקוקען אַ מענש? כבוד איז דאס? בזיון איז דאס! נאר ווילע מען פּארט פאר כבוד התורה, מעג מען זיך לאזען מבזה זיין אויך. און ער האט דערביי דערמאנט דעם מדרש, אז דערפאר האָט מען גערופען דעם נביא יחזקאל דער זון פון „בוזי״, ווייל ער האָט זיך מבזה געווען פאר דעם כבוד פון רבש״ע און דעם כבוד פון דער תורה.

אין אזוי פלעגט ער לערנען זיינע תלמידים, צו אנטלויפען פון כבוד אזוי ווי איינער אייגטלויפט פון אַ פייער. „מאד מאד הוי שפל רוח״ האבען אונזערע חכמים אונז אנגעזאגט. ניט איין מאָל „מאד״ נאָר צוויי מאָל, צו ווייזען אז די סכנה פון גאוה און כבוד איז זעהר גרויס, מען קען אויפעסען דאס ביסעל כבוד דאָ אויף דער וועלט און בלייבען אַ אייביגער ארעמאַן לעתיד לבוא.

